מלכה לאָקער

# שאַרל באָדלער

פאַרלאַג
י. ל. פרץ
ישראל

תש"ל — 1970

# אַרײַנפֿיר

„פֿון מײַן קינדהייט אָן בין איך נישט געווען ווי אַנדערע. איך לייד דערפֿון וואָס איך האָב אָפּגעטיילט פּערספּעקטיוון אין דער וועלט פֿון די ווערטן. איך בין פֿאַרמשפּט צו זײַן אָן אויסנאַם. דעריעניקער און נישט אַלע, דעריעניקער און נישט קיין אַנדערער. דער כאַראַקטער איז גורם אַז עס איז פֿאַראַן אַ יעדער... דער כאַראַקטער פֿאַרלייקנט דעם מענטש. און דאָס אייגנאַרטיקע נעגירט דאָס אוניווערסאַלע. איך לייד דערפֿון וואָס איך בין פֿאַרמשפּט צו דעם, וואָס מאַכט שווערער מײַן צוגעהעריקייט, און וועט צעשטערן אַלע עלעמענטן דורך וועלכע איך קאָמוניקיר מיט דער פּאָטאַליטעט פֿונעם מענטשלעכן קיום...‟

פֿרעגט זיך באָדלער די אַלטע קשיא: ווו האַלט ער? מיסטעריע אָדער אַבסורד? ווּהין אַנטלויפֿן אַז אַלץ זיצט אין אונדז? די דאָזיקע אַלטע קשיא פּרוּוון קריטיקער אויספֿאָרשן און אַפֿילו פֿאַרענטפֿערן. נישט קוקנ־דיק אויף דעם וואָס פֿאַרא נאָמען ער גיט דעם קינד. זײַן קריטישער גייסט איז וואַך. נישט קוקנדיק אויף די נאַרקאָטיקס וואָס ער נעמט אײַן. ער ווייסט אַז אין אים זיצט דאָס בייזע (פּונקט אַזוי ווי אין אונדז אַלע), דאָס בייזע, ווי ער האָט דאָס פֿאַרשטאַנען. דער טייוול! „אונדזערע זינד זענען אײַנגעשפּאַרט... מיר גריזשען דאָס בייז נישט קענענדיק זעטיקן זיך דערמיט... אונדזער האַרץ האָט ליב דעם גיהנום...‟

זינגט ער דעם דאָזיקן גיהנום אין „די בלומען פֿון בייז‟, דעם דאָזיקן גיהנום, וואָס הערט אויף צו זײַן אַ פּריוואַטער ענין. עס איז נישט מער פּאַריז, וואָס ער שעפּט אויס. עס איז יעדע מעטראָפּאָליע אין דער וועלט. אָט דעם דאָזיקן אינטעלעקטועלן ווידערשטאַנד וואָס באָדלער שטעלט אַנט־קעגן דעם העלישן גרונט פֿון זײַן פּערצעפּציע, דעם אונטערבאַוווסטזײַן. אָט דאָ ליגט דאָס אײביקע פֿון באָדלערס שאַפֿונג. דאָס אינטים פּערזענ־

לעכע אויפֿן גרויסן שליאַך פֿון אוניווערסאַלן. אַזוי דערלאַנגט ער אונדז די דאָזיקע „בלומען פֿון בייז" אין אַ קראַנץ פֿון לויטער קווינטעסענצן. דעריבער איז אין זיינע שאַפֿונגען נישטאָ דאָס וואָס מען רופֿט אָן אַנטוויקלונג. עס איז תמיד דאָס אומבאַדינגטע פֿון זיין אומבאַגרייפֿלעכער קונסט. נישט נאָר „דער אַלבאַטראָס" אויפֿן דעק פֿון דער שיף, אָבער אויך „אַ נבֿלה" ווייזט דעמזעלבן קלימאַט:

דערמאָנסטו זיך, וואָס מיר האָבן געזען, מיין נשמה,
אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן פֿון זיסן זומער
אויפֿן ברעג פֿון אַ סטעזשקע אַ נבֿלה אַן בושה
אויף אַ בעט פֿון שטיינדלעך איז געלעגן...

אין 12 פֿערזן גייט אָן די טעמע פֿון דעקאָמפּאָזיציע. ער זאָגט צו דער געליבטער דעמזעלבן גורל. דער פּאָעט האָט אָבער פֿאַרבאַהאַלטן די פֿאָרם און די געטלעכע עסענץ פֿון זיינע קאָרומפּירנדיקע ליבעס...

מיר קריגן דעם גאַנצן שאָק פֿון דעם ווידערלעכן בילד און זענען פֿאַרכאַפּט פֿון דער מוזיק פֿון שפּראַך. פֿונעם מוסר־השכל, וואָס מיר הערן אין דער דאָזיקער מוזיק. און דאָס אוניווערסאַלע אין דעם דאָזיקן מוסר־השכל! ער שטויסט זיך אָן אָן די מיאוסטע בילדער; האַלב זוכט ער זיי, האַלב גייען זיי אים אַנטקעגן, פֿלאַנצנדיק די בלומען פֿון בייזן אין זיין קראַנקן גאָרטן.

...דאָס איז דער גרויסער אוניווערס
מיט אַ האָריזאָנט פֿון בליי
וווּ עס שווימען ביינאַכט שרעקן און חילול השם...

לכתחילה האָט באָדלער אפֿשר נאָר נאָכגעפֿאָלגט דער גרויזאַמער שולע (אַ ירושה פֿון באַרגאַראָפֿיקן ראָמאַנטיזם), אָבער לויט דעם וואָס מיר וויסן פֿונעם גאַנג פֿון זיין לעבן, איז די דאָזיקע מרה־שחורה געוואָרן דער שטענדיקער מצבֿ פֿון זיינע איבערלעבונגען.

„פאַראַן, — זאָגט באָדלער — אין יעדן מענטש, אין יעדער שעה, צוויי פּאַראַלעלע ליניעס: איינע אַנטקעגן גאָט, די אַנדערע אַנטקעגן שטן. די וואָס אַנטקעגן דעם שטן, די חיה׳שע, איז די פרייד אַראָפּצונידערן. דער רוף אַנטקעגן גאָט, אָדער די גייסטיקע ליניע, שטייגט בהדרגה״, זאָגט ער, אין „מיין אויפגעדעקט האַרץ״. דעם גייסטיקן שטעלט ער אַנטקעגן דאָס נאַטירלעכע. דאָס לעצטע געהערט צו דער אויסערלעכער וועלט פון זאַכן, וואָס זענען זעבאַר, וואָס שטרעבט זיי צו פאַראייניקן מיטן איבער־נאַטירלעכן, מיטן מיסטישן, וואָס איז די וועלט פונעם גייסט, די וועלט פונעם אומזעבאַרן אוניווערס... דאָס איז דער וועג צו גאָט. און כדי אַהין צו דערגרייכן איז אַלץ כדאי, איז יעדעס מיטל כשר...

אַזוי דערציילט ער אין ערשטן קאַפּיטל צו די „קינסטלעכע גן־עדנס״ וועגן זיין וועג צו דערגרייכן צו גאָט.

„אַ צושטאַנד פון חלום, ווו אפילו די מעבל חלומען, די פאַרבן ענדערן זיך, און דאָס וויכטיקסטע, די צייט איז אַוועקגעקומען. ניין, נישטאָ מער קיין מינוטן, נישטאָ קיין סעקונדן, די צייט איז אַוועקגעקומען, די אייביקייט הערשט, אַן אייביקייט פון תענוג, אַ צושטאַנד ווו דער איך פאַר־שווינדט, ווערט וואַפּאַריזירט, לייזט זיך אויף אין פאַרע. און צו דעם אַלעמען איז גורם אַן אַנאַנימע עסענץ. דאָס פירט צו אַ מין „וויטאַ נואָוואַ״, צו אַ נייעם לעבן. דאָס אויסעראָרדנטלעכע און אייגנאַרטיקע פון דעם דאָזיקן צושטאַנד פון גייסט און פון זינען, וואָס איך קען אָן קיין שום גוזמא אָנרופן גן־עדנדיק; אויב איך פאַרגלייך עס צו די שווערע פינצטערנישן פון דער געמיינזאַמער און טעגלעכער עקזיסטענץ. דער מצב, וואָס איז נישט געשאַפן געוואָרן דורך אַ לייכט זעבאַרער סיבה. דעריבער וויל איך ליבערשט דעם דאָזיקן אומנאַרמאַלן צושטאַנד פונעם גייסט, וואָס מיינט אמתן חסד״.

דאָס איז געווען דיווירקלעכקייט, וואָס ווערט טראַנסצענדענטאַל דורך קינסטלעכע מיטלען ביז צו דער מדרגה פון אַבסאָלוטער גייסטיקייט, וואָס באָדלער האַלט, אַז אַלץ איז פאַר איר כדאי... בפרט פאַר דעם, וואָס שטייט אונטערן צייכן פון אַנטלויפן.

אַנטלויפן און פּערצעפּציע, פּערצעפּציע וואָס פּאַרלאַנגט צו זיין אָן פּחד צוגעשמידט צו דער ווירקלעכקייט, זי אויפצונעמען און מיט איר פּאַרטיק צו ווערן.

לעבן און חלום — איין גרויסע גאַנצקייט. זשעראַר דע נערוואַל איז דערצו דערגאַנגען. דערגאַנגען מיט יענער איינגעשפּאַרטקייט אין וועלכער די ווירקלעכקייט האָט זיך געמישט מיט דעם חלום, קעגנוואַרט מיט פֿאַר־גאַנגענהייט, די וועלט מיט יענער, אָן סעזאָנען, אָן גרענעצן, ווו מען דערגייט לייכט צו לעגענדאַרע פרויען, צו העלענאַ און צו איזיס, ווו מען קרעאירט אוירעליאַ, די לעגענדאַרע פרוי, וואָס איז אומדערגרייכבאַר ווי עס איז דער חלום...

וואָס דערקענט ווען זי קלינגט,
נישט צו זיין דער קלאַנג פון קיינעם
ווי כוואַליעס און וועלדער אין איינעם...

וויקטאָר הוגאָ איז עס דער, וואָס אַנטפּלעקט אויף דעם אופן די פֿאַר־בינדונג מיט דער מיסטעריע. פּאָעטן זענען זוכערס. אַלע מאָל פּרוווט אַ רעבעל אויפצורייסן די פֿאַרזיגלטע טויערן בכדי סוף כל סוף נכשל צו ווערן. אַסקעטן און לעבנסלוסטיקע, יעדער אויף זיין אופן. מיסטיקער און פּאָעטן, נישט זעלטן פאַרקערפּערט אין איינעם. די אינעווייניקסטע דרכים פון פּאָעטן זענען פון דעסטוועגן גורם צו אַ רעזולטאַט, הגם נישט תמיד צו דעם געהאָפטן.

אָבער ווי מיר האָבן געפּרוווט לערנען אין משך פון די אויספירונגען, איז באַדלער געגאַנגען אַ שריט ווייטער: מען דאַרף דעם חלום דיריגירן. דעם דאָזיקן פּרינציפּ האָבן די סימבאָליסטן געמאַכט פּאַר זייערן, דאָס וואָס דער פּאָעט נעמט איבער פון דער זינלעכער וועלט איז דער שטאָף „פון וועלכן ער וועט שמידן די סימבאָלישע וויזיע פון זיך אַליין אָדער פון זיין חלום..."

ליידנשאַפטלעך פאַרכאַפּט פון זיין גלוסטונג און קאַלט אַנטשלאָסן צו געפינען די מיטלען זי אויסצודריקן. אינעם ווערן פון דער פּאָעמע

דערפילט זיך די העלזעווודיקייט. אָט דאָ ליגט די באַדייטונג פון „בלומען פון בייז" וואָס באָדלער איז ממשיך אין זיין קונסט־קריטיק.

„דער קינסטלער, זאָגט באָדלער, אימיטירט נישט די נאַטור, ער אַסימילירט זי, ער פאַרקערפּערט זי אין זיך". אָט דאָ האָט געשטעקט די דראמע פון „די בלומען פון בייז". ער האָט די קראַנקע בלומען נישט נאָכגעמאָלן, ער האָט זיי אַלע איבערגעלעבט.

כ׳האָב מער זכרונות, ווי ווען כ׳וואָלט אַלט געווען טויזנט יאָר
אַן אַלמער מיט שופלאָדן, באַלאָדן מיט באַלאַנסן
מיט פערזן, רשימות, פּראָצעסן, ראָמאַנסן
ער איז אַ פּיראַמיד, אַ ריזיק גרויסער קעלער,
וואָס האָט אין זיך מער טויטע ווי דער מאַסן־קבר,
כ׳בין אַ בית־עולם, פון דער לבנה אַ געהאַסטער.

(ספּלין).

אָט דאָס איז דאָס וועזנטלעכע פון באָדלערס פּערצעפּציע. דאָס זענען די קאָמפּלעקסן פון דמיון, וואָס פירן צו פּאָעטישן באַוווסטזיין ובכן צו אַנטפּערזענלעכונג. „מיר נעמען אויף זיך, זאָגט זשאַן וואַהל אין זיין בוך „די איצטיקע סיטואַציע אין דער פראַנצויזישער פילאָזאָפיע", צו אַקצעפּ־טירן אונדזער אייגענע סיטואַציע. אַנצונעמען אונדזער סופיקייט. „דאָ און איצט". דאָס איז די רעאַליטעט. ווען עס וואָלטן נישט געווען קיין רעאַ־ליטעטן (זאַכן, ענינים), וואָלטן מיר נישט געקענט שאַפן קיין אילוזיעס פון רעאַליטעטן. אינטעלעקטואַליזם איז פאַראַנקערט אין דער וועלט, אין אירע טיפסטע, סובטעלסטע אַספּעקטן, אין דער שפּראַך, אין דער פעיקייט אויסצודריקן די רעאַליטעט פון דער פּערצעפּציע". דאָ איז געלעגן דער כוח פון באָדלערס שאַפן. און דער שורש פון סימבאָליזם, כוונה, אינטו־איציע. דאָ ליגט דער מיין פון אונדזער זיין. דער מיין איז דער פאַקט דורך וועלכן עפּעס פון דרויסן, וואָס איז מחוץ פון אונדז, באַציט זיך צו דעם וואָס איז אין אונדז. דאָס איז אַ מין טראַנספּאַרענץ, אַ מין אי־לומינאַציע.

די קעגנוואַרט פון אָפּוועזנהייט, פון נאַכט, די רעאַליטעט פון אומ־רעאַליטעט, פון אַן אָרגאַניזם פון פאַרבן, פון קלאַנגען, פון איבערלע־בונגען וואָס סימבאָליזירן, מאָדיפיצירן איינע די צווייטע, — ווי ווייט זענען מיר דאָ פון באָדלערס קאָרעספּאָנדענצן (שייכותן)! פּערצעפּציע האָט אין זיך אַן עיקרדיקע כוונה און אַן עסענציעלע סופּיקייט, וואָס דייט אָן אַז עס איז דאָך נאָך פאַראַן עפּעס מער.

די פעיקייט צו פּערצעפּציע באַשאַפט נישט נאָר לינגוויסטישע, קינסט־לערישע, רעליגיעזע, און אַנדערע וועלטן. די דאָזיקע פעיקייט דערגרייכט מיט איין שווונג צו איבערשטייגערונג, צו טראַנסצעדענץ פון געגעבענעם, וואָס איז נישט אָפּצושיידן פון אונדזער עסענץ, פון אונדזער עיקר. באָדלער האָט געלעבט דעם גרויסן גיהנום, וואָס איז געווען זיין לעבן, מיטן כעס פון אַ פאַרטריבענעם, מיטן אימפּעט פון אַ באַזעסענעם.

מיר ווייסן אויך, אַז דער שאַפונג־דראַנג איז אַ געפערלעכער יצר הרע... נישט תמיד אַ יצר טוב... אָבער „סאַפאָ שטייגט איבער די שיינ־קייט פון ווענוס צוליב אירע גייסטיקע קוואַליטעטן".

מיר שטייען אונטערן צייכן פון אַ נייער דערקענטעניש. אָט דאָ איז „דער קוואַל פון די טרערן וואָס קומען נישט פון האַרץ..." (באָדלער אין דער הקדמה צו די פּאָ־איבערזעצונגען), דער אינטעלעקט טראָגט מיט די אחריות פאַר דער פּערפעקציע פונעם מאָדערנעם פּאָעט. דער אינטעלעקט האָט אַ גרויסן חלק אין זיין שאַפן און דאָס וועט זיין שאַרל באָדלער וואָס וועט דערגיין צו אָט דער דערקענטעניש. באָדלער וואָס קעמפט מיט די סתירות'דיקע כוחות אין אים אַליין, וואָס דאַרף גובר זיין די קראַנקייטן אין זיין באַוווסטזיין און ווער ווייס, אויב נישט אויך יענע אינעם אונטער־באַוווסטזיין. און דורך דעם דראַנג צו האַרמאָניזירן דעם אינערלעכן כאַאָס דורך דער קונסט, דערגייט ער ווי אַן אמתער גבור צו אַ פולן נצחון. „דער זעענדיקער איז איבערגעפלייצט מיט בילדער וועלכע איבערשטראָמען די וועלט. מיר זענען פאַרכאַפּט פון די אָביעקטן פון דרויסן". מיט די דאָזיקע אָביעקטן איז באָדלער געוואָרן איבערגעפלייצט און האָט זיי מיט אַ געניאַלער פעיקייט אויפגענומען, איבערגעלעבט און דעפערזאָניפיצירט.

שאַרל באָדלער

מײַן יוגנט געװען איז אַ פֿינצטערער שטורעם,
געקרײַצט דאָ און דאָרט דורך פֿינקלענדיקע זונען,

פֿאַראַן פֿון דעסטװעגן פֿינקלענדיקע זונען... און די אינװאַזיע פֿון אין סוף. און די װירקלעכקײט, װעלכע ער האָט געלעבט מיט דער אינטענסיװקײט פֿון אַ בעל־תשובה, אױסגעפּאַרשט איר תמצית און אױסגעבױט דערפֿון זײַנע בנינים. און דערבײַ איז ער געװען אַבסאָלוט גײַסטיק. די שײנקײט, װי ער האָט זי פֿאַרשטאַנען און געטײַטשט, איז דערגאַנגען ביז צום מעטאַפֿיזישן. ער האָט געזוכט צו דערגײן צו דער רעאַליטעט, װאָס איז געװען איבער־רעאַליטעט, איבער־נאַטור.

באָדלער איז געשטאַנען אונטער צװײ צײכנס פֿון זײַן האָראָסקאָפּ: אָפּזאָג און אַנטלױף. דער אַנטלױף אין די „קינסטלעכע גן־עדנס" האָט געבראַכט מאָמענטאַנע דערלײַכטערונג, צומאָל אַפֿילו דערהױיבונג, און אין דערזעלבער צײַט אַ דורשט נאָך מער... דער װײַן — אַן אַנטלױף און אַ באַהעלטעניש. דער חלל איז אָפֿן און דאָס איז גורם צו פּחד, אָפּיום — אַן אַנטלױף, האַשיש, לודאַנום. קינסטלעכע, עפּעמערע גן־עדנס. דער חלל װאָס האָט אים אַרומגענומען טאָג און נאַכט, װאָס איז שטענדיק אָפֿן פֿאַר אים, װאָס שרעקט. דער באַגריף פֿון גוט און בײז פֿאַר װעלכן ער װיל זיך אױסבאַהאַלטן אָדער כאָטש דערגײן צום סאַמע גרונט פֿון דעם באַדנלאָזן געשפּענסט. די דאָזיקע סענסיביליטעט פֿון אַנגסט האָט אים באַהערשט און אין דערזעלבער צײַט געטריבן צו דערגײן, „זיך אַרײַנװאַרפֿן אױפֿן גרונט פֿון חלל, גיהנום אָדער גן־עדן — װאָס איז אַ נפֿקא מינה? אױפֿן גרונט פֿון אומבאַקאַנטן געפֿינען דאָס נײַע!"

אונטערגעװאָרפֿן העלישע שטימונגען און פּלוצימדיקע אימפּולסן, אױסגעליפֿערט צו זײ, האָט ער דאָך געהאַט די פֿעיִקײט צו רײניקן און, מעשׂה אַלכימיסט, זײ איבערשמעלצן אין אַן אױסגעטאָקט געפֿעס װאָס איז געװען זײַן ליד. דאָס איז דער סך הכּל פֿון דער נסיעה. לײד און שפּאַנונג דערגײען צו פּאָעטישע און קריטישע דערגרײכונגען פֿון אַ זעלטענער אױסגעהאַלטנקײט און פּערפֿעקציע. דער דגש מוז געלײגט װערן אױף דעם, װאָס באָדלער האָט פֿאַרשאַלטן זײַנע זינד, די װאָס ער איז

אַליין באַגאַנגען און יענע וואָס ער האָט געפונען אויפן דאָרניקן וועג פון זיינע פאָרשונגען. דאָס „טשיאַראָ סקוראָ" אין געוועב פון דער מעטראָ־פאָליס האָט באָדלער אויסגעלייזט אין דער גלוט פון זיין אינטענסיווקייט.

אַלפרעד דע וויני איז נישט מסכים צום נאָמען „בלומען פון בייז", פאַר אים זענען דאָס געווען בלומען פון גוטס.

די „בלומען פון בייז", הגם נישט באַגאַנגען פון מחבר, זענען זיי אָבער בלי שום ספק פון אים איבערגעלעבט געוואָרן. ער איז געווען אַ זיב־לעכער עראָטיקער און האָט דערפאַר צו פרי און צו טייער באַצאָלט. קודם כל מיט דער ביטערער קראַנקייט מיט וועלכער ער האָט זיך אָנגע־שטעקט אין עלטער פון ניינצן יאָר. אין דער אויסצערנדיקער ליידנשאַפט פאַר דער מולאַטין, וואָס איז אים נישט וויניק דערגאַנגען די יאָרן, מיט נישט פאַרשטייין אים, מיט שכרות, מיט אויסגעלאַסנקייט — און מיר ווייסן אַז ער אַליין איז אויך נישט געווען קיין פוריטאַנער.

ער איז זינדיק און ער ווייס עס. פון דער אַזוי אָנגערופענער קריסט־לעכער דערציונג איז עפּעס געבליבן, פון וועלכן ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען.

פנים אל פנים מיט ליכט און מיט שאָטן  
ווי שפּיגל איז געוואָרן מיין האַרץ  
ברונעם פון אמת קלאָר און שוואַרץ  
ווי אַ שטערן ציטערט אין פּחדים.

ליצנישער לייכט־טורעם, גיהנום,  
פלאַם פון שטנישע חסדים  
לינדערונג, גלאָריע, בחינם  
באַוווסטזיין פון בייזע חטאים

באָדלער האָט געבראַכט מיט זיך אַ סך טענדענצן אין דער מאָדער־נער דיכטונג אַריין. יעדער פון די יונגע האָט זיך געקענט געפינען אין זיי. ער האָט בלויז געגעבן פונקען מיט אַלע פּאָטענצן צו אַ גרויס פייער...

דאָס זענען געווען עסענצן (וועזנטלעכע זאַכן). אָבער אַן אומגעהייער גרויסע צאָל טעמעס האָט מען געקענט אַנטוויקלען פון זיי, איבּ־טעלעקטועלע און מאָראַלישע. בעיקר מאָראַלישע. ער האָט געגלויבט אין דער אומשטערבלעכקייט פון דער פּאָעזיע וועלכע ער האָט באַנייט מיט אַן אויסטערלישן מיסטיציזם. „ער וויגט איין זיין אין־סוף אין אין־סוף פון די ימען" — הייסט עס ביי אים אין אַ שורה.

די לײַדנשאַפט איז די שכרות פון האַרצן, זאָגט באָדלער, זי איז אַ נאַטירלעכע זאַך, אַפילו צו נאַטירלעך כדי נישט אַריינצופירן אין אַ מצב פון אַ פאַרוווּנדעטן... אַ דיסאָנאַנס אין שטח פון ריינער שיינ־קייט, צו באַקאַנט און צו געוואַלטזאַם כדי נישט צו סקאַנדאַליזירן ריינע פאַרלאַנגען. די גראַציעזע מעלאַנכאָליעס און די נאָבעלע פאַרצווייפּ־לונגען וואָס ווינען אין די איבערנאַטירלעכע ראַיאָנען פון דער פּאָעזיע. דאָס האַרץ באַלאַנגט צום ערדישן לעבן, זיינע עמאָציעס קומען אַזוי ווי דאָס געפיל פון דער נאַטור, נישט ריין, מגושמדיק. „דאָס האַרץ וועט קיינמאָל נישט זיין פירנדיק אין עסטעטישע ענינים".

„בעת דער אומאָרדנטלעכער עפּאָכע פון ראָמאַנטיזם, זאָגט באָדלער אין זיין אַרבעט וועגן גאָטיע, האָט מען זיך אָפט באַנוצט מיט דער פאַר־מול „די פּאָעזיע פון האַרצן". דאָס האַרץ פאַרמאָגט די לײַדנשאַפט, די איבערגעגעבנקייט, דאָס פאַרברעכן. דער דמיון אַליין פאַרמאָגט פּאָעזיע...". אין דער אינטים עראָטישער קוואַליטעט פון דער פאַנטאַזיע פון זיינע פאַרגייערס האָט באָדלער אַריינגעפירט אַ סובסטאַנץ פון מעטאַפיזישן. באָדלער מאַכט אַ גרויסן חילוק צווישן האַרץ און נשמה. לײַדנשאַפט איז דראַמאַטיש, איז אַקציע, פּאָעזיע איז מעדיטאַציע. אָבער דאָס דראַ־מאַטישע וואָס שפּילט זיך אָפּ אינעווייניק, דאָס הייסט אין אונטערבאַ־ווּסטזיין, דאָס איז דער רזידרזין פון אונדז אַליין, די נשמה.

די ווידמונג פון „די בלומען פון בייז" מיט איר איבערגעטריבענער צושריפט צו טעאָפיל גאָטיע באַווייזט, אַז באָדלער איז געווען צוגעבונדן צו גאָטיע צוליב מערערע טעמים. קודם כל צוליב גאָטיע׳ס שוואַכקייט צו פרויען, און חוץ דעם וואָס ער איז געווען אַ גוטער פּאָעט, האָט ער אויך ווי אַ קריטיקער זיינע פאַרדינסטן.

דער ציל וואָס טעאָפיל גאָטיע האָט פאַר זיך געשטעלט איז געווען צו געשטאַלטיקן נישט די פוריע פון ליבע, נאָר די שיינקייט פון ליבע, די שיינקייט פון די זאַכן, וואָס זענען ווערט געליבט צו ווערן... מיט איין וואָרט ענטוזיאַזם געשאַפן דורך שיינקייט. ובכן נישט די קעגנשטאַנדן וואָס זענען ווערט געליבט צו ווערן, נאָר די אידעאַלע שיינקייט פון די דאָזיקע אָביעקטן.

אַפילו ווען באָדלער האָט זיך געפונען אין צושטאַנד פון „ספּלין״, האָט ער געשטרעבט צום אידעאַל. „די ערדישע וועלט איז נאָר אַ סימ־באָל פון דער אַנדערער וועלט״, האָט באָדלער געטראַכט, „די וועלט פונעם עיקר, נישט פון אַ דערשיינונג, די וועלט פון דער איינקייט״.

„דאָ רייסט זיך אַרײַן עפּעס אַ קלאַנג פון מײַנע קינדער־יאָרן, פון איינס, פון ייחוד, עפּעס אַ מיסטישע תשוקה פון ייחוד פון מײַן פאָטערס הויז, וואָס מ׳האָט זי ווייניקער פאַרשטאַנען ווי געפילט״.

„די באַפּרוכפּערנדיקע פּײַן״ אין לייד, האָט באָדלער געטראַכט, איז דער איינציקער עיקר אין לעבן און נאָך אייביקייטן פון צייט זאָל דער מענטש זיך אַלץ נאָך שעמען און ליידן מחמת זײַנע זינד. דאָס איז אין זײַנע אויגן געווען דער גרעסטער באַווייז פאַר חשיבות. ער האָט געמאָלט דעם אינערלעכן קאָנפליקט צווישן אינסטינקט און אידעאַליזם. דער דאָזיקער קאָנפליקט האָט עקזיסטירט פון די ששת ימי בראשית אָן און האָט אין מאָדערנע צייטן געפירט צו אַ טראַגישער און ייאושדיקער אויפפאַסונג... „פאַר אַלעמען זיין אַ גרויסער מענטש און אַ הייליקער פאַר זיך אַליין״, שרייבט באָדלער אין „מײַן אויפגעדעקט האַרץ״. אָט דאָ דריקט זיך אויס דאָס באַפּרוכפּערנדיקע ליידן. אין אַ בריוו צו אַנזעל שרייבט ער: „דאַרף איך אייך דאָס זאָגן, אייך, וואָס האָט נישט מער געטראָפן ווי די אַנדערע, אַז אין דעם גרויזאַמען בוך האָב איך אַרײַנגעלייגט מײַן גאַנץ האַרץ, מײַן גאַנצע צערטלעכקייט, מײַן גאַנצע רעליגיע (טראַוועסטירט), מײַן גאַנצע שנאה. עס איז אמת, ווען איך וואָלט געשריבן דעם היפוך, ווען איך וואָלט געשווירן צו מײַנע גרויסע געטער אַז דאָס איז נישט אַ בוך פון ריינער קונסט, נאָר פון זשאָנגלעריי, וואָלט איך געזאָגט ליגן ווי אַ ציינרייסער״.

שאַרל באָדלער

אין זוכן צו אַנטפּלעקן דאָס נייע איז באָדלער געווען אויטענטיש און אויטאָריטאַר. דאָס האָט נישט זעלטן געפירט צו ויכוחים מיט דירעקטאָרן פון זשורנאַלן און ווען ער האָט באַמערקט די קלענסטע ענדערונג, האָט ער אויך זיין לאַפּידאַרן אופן אויסגערופן צו איינעם פון די אַרויסגעבער: איך האָב אייך געזאָגט, נעמט אַרויס אַ גאַנץ שטיק אויב אייך געפעלט נישט אַ קאָמאַ אין דעם שטיק, אָבער נעמט נישט אַרויס דעם קאָמאַ. ער האָט זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. איך האָב פאַרבראַכט אַ גאַנץ לעבן צו לערנען צו קאָנסטרויִרן פסוקים און איך זאָג, נישט מורא האָבנדיק אַז מ׳וועט מיך אויסלאַכן, אַז דאָס וואָס איך גיב צום דרוק, איז פול־שטענדיק פאַרענדיקט״.

באָדלער האָט דערהערט און דערקענט און דערמיט געשאַפן דעם נייעם ציטער פון צוויי ליניעס אין דער ליטעראַטור, און מאָלעריי, דהיינו, אין סימבאָליזם און סורריעאַליזם. ער האָט געמאַכט אַן אונטערשיד צווישן דמיון און פאַנטאַזיע. דאָס האָט אויך קאָלערידזש געטאָן. וואָס באָדלער האָט מחדש געווען איז געווען די פּערצעפּציע, אַז דער דמיון נעמט אויף די רעאַלע אימאַזשן און די דאָזיקע אימאַזשן פירן צו „קאָרעספּאָנדענצן״ (שייכותן).

# שאַרל באָדלער

שאַרל באָדלער איז געווען דער זון פון פראַנסואַ באָדלער און קאַראָלין דופיי, דער טאָכטער פון אַ פראַנצויזישן אָפיציר, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דער רעוואָלוציע. זי איז געבוירן געוואָרן אין ענגלאַנד אין יאָר 1793 און איז געשטאָרבן אין פראַנקרייך אין יאָר 1871. געבליבן אַ יתומה, ווערט זי אויפגענומען פון אַ באַפריינדעטער פאַמיליע און עסט דאָרט אַזוי צו זאָגן, דאָס ברויט פון חסד, מיט אַ שטאַרקן באַגער צו דערגרייכן דעם קאָמפאָרט, וואָס זי האָט דערוויל געמעגט נאָר באַוווּנדערן. ווען עס באַווייזט זיך אויף דער סצענע פראַנסואַ באָדלער, אַן עלטערער אלמן מיט גאַלאַנטע מאַנירן און אַ ביסל מיטלען, האָט זי מיט אים חתונה אָן שום שהיות. אַלס אינסטרוקטאָר אין אַ רייכער פּאַטריציער־משפחה, קען ער קאַראָלינען געבן אַ באַקוועמע היים און אַפילו קאָמפאָרט.

שארל באָדלער איז געבוירן געוואָרן דעם 9־טן אַפּריל 1821 אין דער ריו האָטפיי 31, אין פּאַריז (דעם היינטיקן בולוואַר סט. זשערמען).

אין יאָר 1927 שטאַרבט פראַנסואַ באָדלער. די פרויען־ליבע, וואָס אַ יונגע מוטער וואָלט באַדאַרפט פאַרטיילן צווישן מאַן און קינד, ווערט איצט אָפּגעגעבן אין דער פולער מאָס דעם ערשטלינג און איינציקן זון שאַרל. פראַנסואַ באָדלער פלעגט אין זיין פרייער צייט זיך אָפּגעבן מיט זאַמלען און קאָפּירן בילדער וואָס זענען אים געפעלן. די נטיה צו מאָלעריי האָט שארל געירשנט פון זיין פאָטער.

די זעקס ערשטע יאָר זענען פאַר שאַרלען געווען יאָרן פון אומפאַרמינערטן גן־עדן. ער איז דער אַלייניקער אָביעקט פאַר דער מוטער־ליבע און פאַר דער קולטיווירטער אויפמערקזאַמקייט פון אַ גאַלאַנטן פאָטער. ער איז אַלט געווען זעקס יאָר, ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן. דאָס האָט אים זיכער ווי געטאָן, האָט אים אָבער נאָך מער דערנענטערט צו זיין יונגער מוטער. עס איז קוים פאַרגאַנגען אַ יאָר, און קאַראָלין דופיי

האָט חתונה געהאַט מיטן גענעראַל אָפּיק. די דאָזיקע פאַרבינדונג האָט געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג אויף באָדלערס לעבן. אויב באָדלער איז געוואָרן אַ פאָרש־אָביעקט פאַר פּסיכאָאַנאַליטיקער, איז ער אַליין, צום גרויסן טייל, שולדיק אין דעם.

זיין רעאַקציע אויף גענעראַל אָפּיקס באַציונג צו אים האָט אויסגעזען לכל הפּחות מאָדנע. אויב מען האָט אַזאַ זון, האָט מען נישט חתונה, טענהט דער בן־יחיד. מיט זיין אומגעהאַמעוועטן טעמפּעראַמענט איז ער נישט גרייט געווען צו טיילן דעם גן־עדן פון מוטער־ליבע. און ער איז פון דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס נישט פּטור געוואָרן ביז צום סוף פון זיין לעבן. באָדלער האָט געהאַלטן די ליבע פון זיין מוטער פאַר זיין געטלעך רעכט. „איך בין תמיד געווען לעבעדיק אין דיר", האָט ער שפּעטער געשריבן. „דו האָסט געהערט איינציק און אַליין צו מיר, דו ביסט געווען מיין אָפּגאָט און מיין חבר".

עס איז נישט אונדזער אויפגאַבע זיך אַריינצולאָזן אין די אויספאָרשונגען פון די סיבות פון באָדלערס ווידערשטאַנד. עס וועט גענוג זיין פעסטצושטעלן, אַז דער פּאָעט האָט שוין אין די יונגע יאָרן זיך געפונען אין אַן אַנדערער וועלט, נישט דווקא אין דער קינדערוועלט. מען האָט אים נישט דערגרייכט. און ער, ער האָט אויך נישט געטראָפן וווהין ער האָט געצילט. ער האָט זיך געהאַלטן אויף אַן אומזיכערן גרונט, וואָס האָט זיך שטענדיק געגליטשט פון אונטער זיינע פיס. אַרויסגעטריבן פון גן־עדן אין עלטער פון זיבן יאָר, האָט ער קיין איין מאָל דעם וועג צוריק נישט געפונען. „אָט וואָס דאָס לעבן האָט געמאַכט פון שאַרל באָדלערן". און פונקט אַזוי וואָלט מען געקאָנט זאָגן: „אָט וואָס שאַרל באָדלער האָט געמאַכט פון זיין לעבן..." *

אין יאָר 1833 ווערט באָדלער אַריינגעבראַכט אין אינטערנאַט פון „קאָלעזש ראָיאַל" אין ליאָן, דאָרט ווו זיין שטיפפאָטער ווערט אין דער זעלבער צייט אַריבערגעפירט אַלס לייטענאַנט־קאָלאָנעל. שאַרל איז דאָרט

* Guy Michaud, Message Poétigue du Symbolisme.

נישט זייער גליקלעך, ער דערפילט די איינזאַמקייט, אויך אַנדערשקייט און דאָס ברענגט צו קריגעריי און נישט איינמאָל צו געשלעגן מיט קאָלעגן.

איינער פון באָדלערס קאָלעגן לוק דעקאַן דערציילט אין זיין שיין ביכל „שאַרל באָדלער": „דאָס איז געווען אַן עקזאַלטירטער גייסט פול פון מיסטיציזם און צו מאָל אוממאָראַליטעט — אגב נאָר אין ווערטער — ווו ער האָט אָפט איבערגעכאַפּט די מאָס. מיט איין וואָרט, ער איז געווען אַן עקסצענטריקער פול מיט ענטוזיאַזם פאַר פּאָעזיע; ער פלעגט רעציטירן וויקטאָר הוגאָ, טעאָפיל גאָטיע א. א. ביי יעדער געלעגנהייט. פאַר מיר אָבער און אַ סך אַנדערע חברים איז דאָס געווען אַ מח ווי אויף להכעיס".

„זייער יונג נאָך, שרייבט באָדלער, ווען איך האָב פאַרזוכט די ווערק פון טעאָפיל גאָטיע האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון אַ באַרירונג, ריכטיק אויסגעפירט, פון אַ קלאַפּ ריכטיק געטראָפן. איך בין פאַרציטערט געוואָרן אין באַוווּנדערונג, וואָס האָט גורם געווען אין מיר אַ מין נערוועזע קאָנוווּלסיע".

דאָס אַלץ גייט שוין במילא געפּאָרט מיט זשעני, אַפילו נאָר מיט אויסערגעוויינטלעכקייט — באָדלער האָט דאָס געקענט און דערקענט אין זיינע יינגסטע קינדעריאָרן. „דאָס געפיל פון איינזאַמקייט זינט מיין קינד־הייט, נישט קוקנדיק אויף פאַמיליע, אין דער מיט פון חברים, בפרט דאָס געפיל פון איינזאַמען גורל. פון דעסטוועגן חשק צום לעבן און צו תענוג". (פונעם בוך „מיין האַרץ"). אָבער גלייכצייטיק „שמועסן מיט גאָט", נטיה צו מיסטיציזם, דערציילט ער ווייטער אין דעמזעלבן בוך. די שוועריקייטן מיט לערער און שילער, צוליב זיין אַנדערשקייט, אַלץ דער־ציילט ער, און אַפילו אַ סך שפּעטער. — „איך בין אַלט 40 יאָר און איך קען נישט טראַכטן וועגן קאָלעזש אָן ווייטאָג".

די סיבה פון פסיכישע שוועריקייטן אין לעבן דאַרף מען זוכן אין דער קינדהייט. דאָס איז איינער פון די אמתן, וואָס איז שוין כמעט געוואָרן באַנאַל, פון דעסטוועגן נישט ווייניקער אמת. געוויס ליגן די שוועריקייטן צו זוכן נישט נאָר אין די אומשטענדן, נאָר פאַר אַלעמען אין אים אַליין.

דערווייל אָבער לאָזט זיך באָדלער אַרויס „אַנטפלעקן דעם אידיאַם פון זיין תקופה", ווי ער זאָגט דאָס ערגעץ־ווו אין „קאַרטיע לאַטען" אַנט־

פלעקט ער זיין דור, ער איז אַלט ניינצן יאָר און לאָזט זיך אויפן וועג פון די ניינצן־יאָריקע, טרינקען, ברעכן גלעזער, נישט פאַרנאַכלעסיקן „דאָס שוואַכע געשלעכט", לייכטע מאַנירן, וואָס זענען אים דערוויל גאָר־נישט צווידער. ער לאַכט זיך אויס פון דעמאָקראַטיע, פון פּראָגרעס וכדומה. ער אַליין וויל די תקופה אַנטפּלעקן, ער אַליין, געבוירן מיט לויטער קאָנטראַסטן, סענסיטיוו און נערוועז, עמאָציאָנעל און מוחדיק, זינלעך און פאַרחלומט. דאָס זענען די ווידערשפּרוכן אין אים וואָס ער וועט דערקענען און נישט קענען גובר זיין. ער לעבט אין אַ סתירה מיט זיך אַליין און אוודאי מיט דער אַרומיקער וועלט. און ער שטרייכט דאָס אונטער. רויט. פאַרגעניגן, תאווה, נאָנשאַלאַנס. זיין הולך איז אַנדערש און אַנדערש זיין קלייד. ער זוכט זיך און פאַרבאַהאַלט זיך. זיין דענדיזם איז אויך אַ מין באַהעלטעניש.

און דער טרויעריקער סך־הכל: זיין אַליין. שמועסן מיט גאָט, זוכן זיך און זוכן דעם אין־סוף, מחוץ דער וועלט, מיט אַ צעריסענער נאָס־טאַלגיע נאָך ריינקייט און נאָך גאָט. אויפריכטיק, און וואָס מער ער זינ־דיקט, אַלץ מער האָט ער חרטה. און אין דער צעריסנקייט געפינט זיך זיין היים.

נאָכן צוריקקומען קיין פּאַריז ווערט באָדלער אָפּגעגעבן אין אינטער־נאַט „לואי לע גראַן". דאָ צייכנט ער זיך אויס מיט זיינע גלענצנדיקע שטודיעס. דאָ אַנטפּלעקט זיך זיין פּערזענלעכקייט, ער הויבט אָן שרייבן זיינע ערשטע פּאָעמעס.

עס איז זייער שווער אָנצוהאַלטן אין צוויי ווידעראַנאַנדיקע ריכטונ־גען — צו אַנטפּלעקן דעם קוואַל פון לעבן און דעם קוואַל פון געזאַנג. אַזוי שטאַרק אָפּהענגיק איז איינער פון צווייטן, אַזוי שטאַרק פאַראַנקערט איז איינער אין צווייטן.

> געווען איז מיין יוגנט אַ פינצטערער שטורעם
> געקרייצט דאָ און דאָרט דורך פינקלענדיקע זונען...

דאָס לעבן איז אַ חלום און חלום איז לעבן, האָט נאָוואַליס געזאָגט. באָדלער האָט שטענדיק געהאַט טענות צו זיך, פאַר זיין נטיה צו חלומען,

וואָס שלינגט איין אַזוי פיל צייט. און דאָך האָט ער זיך געלאָזט באַהערשן פון זיינע חלומות און פלעגט, צומאָל מיט אַ כיוון אַנטלויפן פון זיך — אין דער וועלט פון חלומות. רעמבאָ האָט אויך שטענדיק פאַרזיכערט, אַז ער איז נישט אויף דער וועלט. דער חלום, געלעבט פון פּאָעט, פאַרשטעלט אָדער שטייגערט די ווירקלעכקייט און ווערט דער יסוד אויף וועלכן ער עקזיסטירט. „פון מיינע יינגסטע יאָרן, זאָגט באָדלער, האָב איך מורא פאַרן לעבן און בין פול מיט עקסטאַז פון לעבן...״

דער פאַרלוירענער זון דאַרף זיך נאָר אומקערן צו זיך אַליין, צו בעלי־בתישע גוטע מידות. טראַכטן העך און פרוי אָפּיק און צוליב דעם שיקן זיי אים אויף אַ נסיעה אין וויטן מזרח. אמת, די נסיעה איז אויך געמיינט ווי אַ שטראָף, וואָס דער גענעראַל־שטיפפאָטער האָט אויף אים גוזר געווען: דעם זיבעטן יוני 1841 פאָרט ער אַרויס פון באָרדאָ מיט דער שיף „צו דרומדיקע ימען״ אַנטקעגן דעם עקוואַטאָר. דער קאַפּיטאַן סאַליז באַהאַנדלט אים, לויט די באַקומענע אינסטרוקציעס, מיט באַזונ־דערער אויפמערקזאַמקייט. די גוט־געמיינטע שטראָף־רייד פונעם קאַפּי־טאַן, די מיטלמעסיקע געזעלשאַפט פון דער האַנדלס־שיף, נעמט באָדלער אויף מיט רויִקייט, מיט פאַראַדאָקסן וואָס שאָקירן דעם עולם. נאָך אַכציק טעג אויפן ים גייט מען אַראָפּ אין דער הויפּטשטאָט פון סט. מאַוריציוס. די פּראָווינציאָנעלע גאַלאַנטעריע פונעם אַלטן פראַנקרייך געפעלט באָד־לערן, ער פאַרליבט זיך באַלד אין דער פרוי פון זיין בעל־הבית און שרייבט די פּאָעמע:

## צו אַ קרעאָלישער דאַמע

אין פאַרפומירטן לאַנד, געצערטלט דורך די זונען
האָב איך באַקענט אונטער אַ חופּה פון פורפורנע ביימער
און פון פּאַלמעס פון וועלכע פוילקייט האָט גערונען,
אַ קרעאָלישע דאַמע מיט אומבאַקאַנטע חנען.

איר הויט איז מאַט און הייס. די ברוינע צויבערין
האָט דעם האַלדז מאַניערירט און אַדליק אויסגעצויגן.

**שאַרל באָדלער**

אַ הויכע און אַ שלאַנקע שפּאַנט זי ווי אַ יעגערין,
רויִק איז איר שמייכל און זיכער אירע אויגן.

ווען איר, מאַדאַם, וואָלט אין עכטן לאַנד פון גלאָריע קומען
אויף די ברעגעס פון דער סען, צי פון לואַרע־טייך דעם גרינעם,
ווירדיק צו באַצירן אַלטע שלעסער מיט אייער וווּנדערלעכער
פּראַכט,

וואָלט איר אין שאָטנדיקע ווינקעלעך געקענט דערוועקן
סאָנעטן טויזנטער אין הערצער פון פּאָעטן,
וואָס איי׳ערע גרויסע אויגן וואָלטן אונטערטעניקער ווי איי׳רע
שוואַרצע נאָך געמאַכט.

„וואָס מען דאַרף איז אַן אַנדענק פון וויטאַג, אַזוי ווי הייוון פאַרן טייג״.
(באָדלער).

בעל כרחו האָט זיך באָדלער געלאָזט אין וועג אַריין, בעל כרחו האָט זיין דמיון אויפגענומען די „היעראָגליפן״ וואָס האָבן זיך אים מיטגע־טיילט. אַן אַלבאַטראָס פאַלט טויט אויפן שיף. דערציילט ער ווי דער שטאָלצער פליער, דער קעניג פון אַזור *), וואָס איז אַמאָל אַזוי שיין געווען, ליגט אומגעשיקט און קאָמיש און די מאַטראָסן מאַכן חוזק פון אים...
און אין דער לעצטער סטראָפע:

דער פּאָעט איז געגליכן צום פּרינץ פון די וואָלקנס
וואָס יאָגט נאָכן שטורעם און לאַכט פון געשאָס
פון יבשה פאַרטריבן מיט בזיון און שפּאָט
די פליגלען פון ריז, האַמעווען אין טראָט...

ביידע פּאָעמעס זענען אויטאָביאָגראַפיש. ער בענקט נאָך פּאַריז. עס

---

*) אַזור מיינט בלויקייט פון הימל.

זענען אים נמאס „די הייסע לענדער און בלויע״. פֿאַראַן אַנדערע נסיעות.
אוממעגלעכע. פֿון וועלכע עס איז נישטאָ קיין צוריק...

*

פּאַריז איז אַן אַנטוישונג. די מענטשן פֿלאַך און קליינלעך. אָבער ער ווערט אַן אייגענער אין דער „ראָטאָנד״ (אַ קאַפֿע־הויז ווו עס פֿלעגן בשעתו אַריינקומען שרייבער און קינסטלער און אַזעלכע, וואָס האָבן עס געוואָלט ווערן), ער פּרעטענדירט דעמזעלבן ביטול צום „בורזשואַ״ לויט זיין נטיה זיך צו פֿאַרשטעלן. דער מוטער אָבער שרייבט ער: „איבערצייג זיך דאָך פֿון איין זאַך, וואָס דו ווייסט קיין מאָל נישט וויסן און וואָס איז באמת מיין אומגליק! איך בין נישט ווי אַנדערע מענטשן״.

און בכדי זיך צו אונטערשיידן, האַלט ער, אַז ער מוז דאָס אויך אויס־דריקן אין געוויסער אויסערלעכער האַלטונג. נאָך אַ ירושה וואָס פֿאַלט אים צו, באַזעצט ער זיך אויף דעם אינדזל סט. לואי און רעדט זיך איין אַז ער איז באַרופֿן צו שפּילן דעם דענדי. דער דענדיזם האָט געדאַרפֿט זיין אַ מין אויסדרוק פֿון דערהויבענער גייסטיקייט, וואָס האָט זיך געניי־טיקט אין אַ שטרענגער דיסציפּלין ווו אַפֿילו די צעשויבערטע הליכות פֿון אַ שטורמישער יוגנט האָט פֿון דרויסן געדאַרפֿט אויסזען קאָנטראָלירט, באַהערשט פֿון אַן אינטעלעקטועלער וואַכזאַמקייט. דערצו האָט אויך גע־הערט דאָס געוויסנלאָזע אויסגעוווכערט ווערן פֿון די אַנטיקיטעטן־הענדלער.

די הוים האָט אים געפֿעלט, די געפֿלעגטע הוים, ווו עס פֿעלט אַפֿילו נישט די „ניאַניע״ מיטן גרויסן האַרץ — דאָ האָט שאַרל זיך געפֿילט זיכער און פֿאַרבאָרגן. מיטן דערשיינען פֿון גענעראַל אָפּיק ווערט באַדלער פֿאַרטריבן פֿון גן־עדן (לויט זיינע השגות פֿאַרטריבן).

באַדלעס דראַמע הויבט זיך בכן אָן אין עלטער פֿון זיבן יאָר. גענע־ראַל אָפּיק מיטן גאַנצן באַגאַזש פֿון אַ געוויסער פּוסטער פֿייערלעכקייט, מיט אַ זין פֿון דיסציפּלין, זין פֿאַר איבערגעטריבענער ערנהאַפֿטיקייט לויט מיליטערישן באַנעם — דאָס איז זיכער געווען אַ פֿרעמדער עלעמענט אין דער צערטלעכער אידיליע, וואָס האָט ביז דעמאָלט געהערשט אין הויז פֿון די באַדלערס.

אגב האָט גענעראַל אָפּיק געהאַט זיינע פּלענער, אַפילו אַמביציעזע פּלענער, פאַר זיין שטיפזון. קודם כל אַ גלענצנדיקע דערציונג, און דאַן אַ קאַריערע, אפשר אַ דיפּלאָמאַטישע קאַריערע. דער מענטש פון סדר אַנטקעגן דעם מענטש פון זשעני! אַ סך פון די מעלות טובות, וואָס עס האָט פאַרמאָגט דער שטיפפאָטערלעכער גענעראַל זענען לגמרי נישט קעגן באָדלערס אידעען (די דריי פּאָזיטיווע פאַקטאָרן אין דער געזעלשאַפט זענען לויט באָדלערן: דער גלח, דער סאָלדאַט און דער פּאָעט), אלא וואָס דען? אפילו מחוץ פון די אימפּאָנדעראַביליען האָבן געמוזט אַנטשטיין רייבונגען צוליב די אויבן דערמאָנטע טעמים; אויך ווייל עס איז נישט זייער באַקוועם פאַר אַ גענעראַל צו האָבן אַ פּאָעט פאַר אַ זון, און פאַר אַ פּאָעט צו זיין אַ זון פון אַ גענעראַל... די פּסיכאָלאָגישע ענדערונג וואָס קומט פאָר אין דער נשמה פון דער מאַדאַם אָפּיק, איר בייטן די דירה, וואָס איז גורם צו דער צעשיידונג צווישן דער מוטער און דעם זון, וואָס זעט אין זיין אייפערזוכט דעם גענעראַל ווי דעם, וואָס האָט אים צוגע־רויבט די ליבע פון זיין מוטער — דאָס איז אַ פּסיכישע מפּלה, וועלכע באָדלער האָט אַפילו נישט בדעה גובר צו זיין.

אין יאָר 1839 שטודירט ער פילאָזאָפיע. אַ גוטער תלמיד. נישט אין אַלעמען. ער פאַרנעמט זיך מיט דעם וואָס אינטערעסירט אים. דער רעשט ווערט איגנאָרירט. איבערזעצונגען פון לאַטיין, רעטאָריק, פראַנצויזישע שריפטלעכע עסייען. דאָ גייט ער אַלעמען פאָרויס, קריגט אויסצייכע־נונגען. געשיכטע, למשל, פאַרנאַכלעסיקט ער אויף אַזוי פיל, אַז פראָ־פעסאָרן באַשולדיקן אים אין בייזן ווילן.

באָדלער לעבט די געשיכטע פון זיין טאָג. ער לעבט דאָס צייטלעכע און דאָס צייטלאָזע. ער איגנאָרירט אויך די שול־דיסציפּלין און באַשאַפט זיך אַ נייע. פאַרשידענע מענטשן זעען אים פאַרשידן. אין די אַלע אָבסער־וואַציעס איז פאַראַן אַ ניצוץ פון אמת, דער סך־הכל איז דער פּאָעט.

ביטול, פּאָזע, וואָס פירט ביי באָדלערן צו ציניזם, אַפילו צו מיס־טיציזם. אָבער דאָס איז דער אַנדערער עקסטרעם פון בילד. ווען קען זיך פאַרמעסטן צו זען דאָס גאַנצע?

דעם מאַטורע־עקזאַמען מאַכט ער אין עלטער פון 18 יאָר, דאָס הייסט אין צייט. פאַר דער משפּחה אָבער איז ער אַ שטענדיק פּראָבלעם. די אַמביציעזע כּוונה צו מאַכן פון אים אַ דיפּלאָמאַט ווערט פון באָדלערן אָפּגעוואָרפן מיט דער באַגרינדונג, אַז ער וויל זיך ווידמען דער ליטעראַטור. „וואָס פאַר אַן אַנטוישונג פאַר אונדזער היימיש לעבן וואָס איז ביז איצט געווען אַזוי גליקלעך", האָט זיין מוטער זיך באַקלאָגט. זיך ווידמען דער ליטעראַטור, האָט געמיינט פאַר דעם פּאָרפאָלק אָפיק אַן אָפענע טיר צו „אַלעם שלעכטן אין דער וועלט".

די גייסטיקע אויסצייכענונג דאַרף זיך אויך אויסדריקן — טראַכט באָדלער — אין אַ מין אויסערגעוויינלעכער פאָרם, לויטן אַלטן פאָלקס־ווערטל: „קליידער מאַכן לייט". אָבער נישט קוקנדיק אויף דער אויפֿמערקזאַמקייט וואָס ער האָט אָפּגעגעבן זיין אויסערלעכן מלבוש, האָט ער, ווייזט אויס, צומאָל געצווייפלט אין דער פולער גילטיקייט פון דער דאָזיקער איבערצייגונג.

אָבער אפילו ער טראַכט, אַז דער דאָזיקער וועג, צו דערגיין צו אַ מין סופּעריאָריטעט, איז „אַ ביסל שווערלעך".

געוויס איז דאָס אַלץ נאָך ראָמאַנטיזם, דער ראָמאַנטיזם וואָס האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט די פאַרשידענע באַרג־אַראָפּן, דהיינו: אַמאָראַ־לישקייט, ציניזם, שטניזם, און באָדלער איז דערפון נישט פאַרשוינט גע־בליבן. דאָס טייוולאָנישע איז אפשר אויך נאָר געווען אַ מין האַלטונג, אָבער פאַר אים איז דאָס געווען דער סימן מובהק, דער באַווייז פאַר זיין אינערלעכן כּוח.

באָדלער האָט געגלויבט, אַז ער געפינט זיך אין צענטער פון דער ראָמאַנטיק, אָבער נישט מיט פאַרגלייזטע אויגן. ער האָט זיך אַריינגעקוקט אין איר, אויסגעפאָרשט זי און זיך גענומען זי טייטשן אויפסניי. דער נייער דור צו וועלכן עס האָבן געהערט די פאַרטרעטער פון די פאַרשידנסטע פאַרבן, חוץ באָדלערן, לעקאָנט דע ליל, טען, רענאַן, פלאָבער: זיי זענען אַלע געווען אייניק אין דער דעה, אַז מען דאַרף אַרבעטן אַנטקעגן דעם ראָמאַנטיזם. דער נייער דור האָט פאַרערט די ראָמאַנטישע מייסטער, אָבער באָדלער האָט דורכגעפירט די ליקווידאַציע פון ראָמאַנטיזם.

**שאַרל באָדלער**

לעקאָנט דע ליל האָט געפּאָדערט די דעפּערזאָניפיצירונג פון דער קונסט. קונסט און וויסנשאַפט דאַרפן, לויט אים, שטרעבן זיך ענג צו פאַראייניקן, אויב נישט זיך אינגאַנצן צונויפגיסן איינע מיט דער צווייטער. די קונסט, מיינט לעקאָנט דע ליל, דאַרף זיין אונטערגעוואָרפן אַבסאָלוטע געזעצן אַזוי ווי עקזאַקטע וויסנשאַפטן. באָדלער אָבער גייט זיין אייגענעם וועג, פאַסט אויף דעם ראָמאַנטיזם לויט ווי ער פאַרשטייט אים און טייטשט אים אויס אויף זיין אופן. „אַ טייל ראָמאַנטיקער, — זאָגט ער אין זיין עסיי, וואָס איז דאָס ראָמאַנטיזם? — האָבן זיך פאַרנומען מיטן אויס־וואַל פון טעמעס, זיי האָבן נישט געהאַט דעם טעמפּעראַמענט פון זייערע טעמעס, אַנדערע האָבן נאָך געגלויבט אין אַ קאַטוילישער געזעלשאַפט, האָבן זיי געזוכט אָפּצושפּיגלען דעם קאַטאָליציזם אין זייערע ווערק, אויך דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן אומגעלומפּערטער פּרווו... זיך רופן ראָמאַנטיקער און שטענדיק אַריינקוקן אין עבר, זאָגט באָדלער, דאָס הייסט זיך אַליין סותר זיין...״

לויט באָדלערס פּרווו צו דעפינירן דעם ראָמאַנטיזם, איז פאַראַן אַ סתירה אין וועלן צוריקברענגען דעם עבר, דעם מיטלאַלטער אין דער קעגנוואַרט, אינעם היינט, אָבער גראָד דאָס איז געווען אַ כשרע ראָמאַנ־טישע טענדענץ!

## וואָס איז ראָמאַנטיזם?

„דער ראָמאַנטיזם, זאָגט באָדלער, איז פאַר מיר דער נייסטער און יינגסטער אויסדרוק פון שיינעם". מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז מיר זענען אין דער מיט פון „עסטעטישע קוריאָזיטעטן", ד. ה. אין דער מיט פון קאַמף קעגן קלאַסיציזם. „דער ראָמאַנטיזם איז אַ זון פון צפון און דער צפון, זאָגט ער ווייטער, איז קאָלאָריסטיש. חלומות און מעשהלעך זענען קינדער פון צפון. דער דרום איז ברוטאַל און פּאָזיטיוו ווי אַ סקולפּטאָר אין זיינע דעליקאַטסטע קאָמפּאָזיציעס. דער צפון ליידט, איז אומרויק און טרייסט זיך מיטן דמיון. און אויב ער מאַכט סקולפּטור, וועט זי גיכער זיין פּיטאָרעסק, ווי קלאַסיש. ראַפאַעל, ווי ריין ער זאָל נישט זיין, איז נאָר אַ מאַטעריעלער גייסט... רעמבראַנדט איז אַ מעכטיקער אידעאַליסט, וואָס מאַכט חלומען און טרעפן יענע וועלט. איינער קאָמפּאָנירט קרעאַטורן אויף אַ נייעם און אומגעריכטן אופן, אָבער דער אַנדערער טרייסלט דאָס אַלט־וואַרג פאַר אונדזערע אויגן און דערציילט אונדז פון מענטשלעכע ליידן..."

מיר מוזן געדענקען אַז דאָס איז נישט קיין קאַזיאָנער, נאָר באָדלע־רישער ראָמאַנטיזם. באָדלער האָט נישט געוואָלט עלימינירן אַלטע אויפ־פאַסונגען, נאָר ער האָט זיך באַמיט, זיי צו גאַלוואַניזירן.

„מען דאַרף פילן ראָמאַנטיש אָבער שרייבן קלאַסיש", זאָגט לאַמאַר־טין. דאָס ליגט בערך אויף דערזעלבער ליניע, אָבער נאָר בערך. דעלאַקרואַ האָט געשאַצט קלאַסישע קאָנצעפּציעס. מיט זיין שטרעבן נאָך סדר, נאָך אַרטיסטישער ריינקייט, מיט וועלכער ער האָט געזוכט צו דאָמינירן איבער ראָמאַנטישער שטורעמדיקייט, האָט ער דערגרייכט די מדרגה וואָס איז פאַר באָדלערן געוואָרן אַ „קאָנדיציאָ סינע קוואָ נאָן". באָדלערס פּאָ־עזיע ווייזט אַ קלאַסישע נטיה צו פערמאַנענץ, פאַראייניקט מיט אינטימען תוכן. אין דער ריינקייט פון זיין קונסט האָט באָדלער אויסגעדריקט דאָס אייביקע, וואָס איז אַן אינטעגראַלער טייל פון שיינקייט און ער האָט

דערקענט דאָס אייביקע אין מאָמענטאַנע סיטואַציעס און אומשטענדן, וואָס ראַנגלען זיך נאָך אויסדרוק און זעצן זיך דורך נישט קוקנדיק אויף טע־אָריעס: די שנויים וואָס באַשאַפן זייער מוזיק, פאַרשטאַנען אָדער נישט, דורך די וואָס דריקן זי אויס און דורך די וואָס נעמען זי אויף. צו דער־פילן דעם ריטם פון אימאַנענטן איבערבייט, דאָס איז דער נצוץ, וואָס טליעט אינעם פאַרבאָרגענעם פון זשעני.

אין זיין לגמרי ראַציאָנעלער מיסטיק האָט באָדלער פון דעסטוועגן אָפּגעגעבן דעם דמיון דעם אויבן־אָן. פאַרן וויכטיקסטן עלעמענט אין קינסטלערישן שאַפן, האַלט באָדלער ווי קאָלערידזש, נאָר אומאָפּהענגיק פון אים — דעם דמיון, וועלכער איז ספּעקולאַטיוו און איז נישט צו פאַר־בייטן מיט פאַנטאַזיע. דער דמיון איז די הויפּט־אייגנשאַפט פון שאַפערישן קינסטלער און קאָן מיט איין קוק איבערזען דאָס גאַנצע. דער דמיון קאָן פאַראייניקן דאָס אייביקע מיטן איצטיקן, דאָס נאַטירלעכע מיטן איבערנאַ־טירלעכן און דאָס מאָראַלישע מיטן מעטאַפיזישן. עס פאַרשטייט זיך, אַז דערצו זענען נויטיק אַ ראַפינירטע סובטעליטעט און אַ טעכנישע פעיקייט.

דער מהלך צווישן גייסטיקן און פיזישן איז נישט זייער גרויס און דעריבער טייטשט באָדלער ראָמאַנטיזם: „אינטימיטעט, גייסטיקייט, שטרעבן צו אין־סוף...״ די באַציונג צווישן העכסטן און נידעריקסטן, די אומבאַ־ווסטע פאַרלאַנגען און דאָס שטרעבן צום העכסטן, „שרעק פאַרן לעבן און עקסטאַז פון לעבן״. ביידע באַמיט זיך באָדלער אויסצודריקן. באָדלערס אומבאַדינגטקייט, ווען ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט דער קונסט פון די געבענטשטע, ווי למשל דעקלאַרוּאַ, וועגן וועלכן ער האָט געשריבן אַ גאַנ־צע ריי עסייען און האָט אַלץ נאָך בדעה געהאַט זיך צו אים אומצוקערן.

„יעדער זעבאַרער אוניווערס איז אַ שפּייכלער פון אימאַזשן, פון צייכנס צו וועלכע דער דמיון וועט צוטיילן אַ רעלאַטיוון ווערט. דאָס איז אַ מין מיסט וואָס דער דמיון דאַרף אויפנעמען און טראַנספאָרמירן״, זאָגט באָדלער אין איינער פון זיינע שטודיעס וועגן דעקלאַרוּאַ. פון דאַנען איז געדרונגען, אַז די שאַפונג דאַרף אויפגעפאַסט ווערן ווי אַן אָנזאַמ־לונג פון פיגורן און ציפערן וואָס דאַרפן אויפגעלייזט ווערן.

„ביי די אויסגעצייכנטע פּאָעטן איז נישט פאַראַן קיין מעטאַפאָר. קיין פאַרגלייך, קיין עפּיטעט וואָס זאָל נישט זיין אַן עקזאַקטע מאַטעמאַ־טישע אָנווענדונג צום געגעבענעם אומשטאַנד, ווייל די דאָזיקע פאַרגליי־כונג, מעטאַפאָרן, עפּיטעטן זענען געשעפּט פונעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון דער אוניווערסאַלער אַנאַלאָגיע.״ (מאַרסעל רעימאָן „פון באָדלער צום סורעאַליזם). *)

באָדלער האָט געגעבן געשטאַלט דער ווירקלעכקייט, דעם לעבן, ער האָט דערקענט דאָס אייביקע אין מאָמענטאַנע געשעעניש, אויסגעלייזט דאָס עיקרדיקע פונעם פאַרביילויפנדיקן. אָבער ער האָט געגלויבט אין שטן מיט זיינע פינצטערע פאַרבן. ער האָט זיך געשראָקן פאַר אים און האָט אים געדינט. וויליאַם בלייק האָט אויך געגלויבט אין שטן, אָבער ער האָט אים צוגעשריבן אַלע מעלות טובות. ער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גאַלוואַניזירנדיקן כוח (מען דאַרף לייענען בלייקס אַפאָריזמען) און מיט אַ באַזונדערער סאַטיספאַקציע קאָנסטאַטירט ער, אַז מילטאָן האָט גע־שילדערט דעם שטן מיט קרעפטיקערע פאַרבן ווי דעם רבונו של עולם.

פאַר באָדלערן, דעם מיסטיקער פון ממשות, איז „די נאַטור אַ וואַלד פון סימבאָלן״ ווי עס הייסט אין דער פּאָעמע „קאָרעספּאָנדאַנס״ (שייכותן). די דאָזיקע פּאָעמע איז פאַר די סימבאָליסטן געוואָרן אַ מין פּלאַטפאָרם, לויט וועלכער דער אימפּולס פאַר זייערע שאַפונגען האָט געדאַרפט דיי־ריגירט ווערן. נישט וויניק טינט איז פאַרגאָסן געוואָרן כדי אויסצוגע־פינען פון וואַנען באָדלער איז אינספּירירט געוואָרן פאַר דער דאָזיקער פּאָעמע. די פאַרשפּרייטסטע השערה איז, אַז דאָס וואָרט און אפשר אויך די אידעע קומט פון סוועדנבאָרג, וועלכער איז געווען אַ גרויסער וויסנ־שאַפטלער, וואָס איז פּלוצעם פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם פאַרהוילענעם. וואָלט ער געווען פונקט אַזוי מעכטיק אין פּאָעזיע, וואָלט געווען גוט אָדער נישט גוט, אָפּהענגיק ווי אַזוי מען טייטשט דאָס. בכל אופן, פּאָעטן וואָס גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג פון עפּעס וואָס נעמט אונדז אַרום און וואָס זיי זענען נישט בכוח דורכצודרינגען, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן

*) Marcel Raymond : De Baudelaire au Surréalisme.

סוועדנבאָרגן ווי די, וואָס האַלטן זיך אין דערטרונקען כאַפּן זיך אָן אָן אַ שטרוי. פאַראַן אַ גאַנצע ריי פון נישט אַבי־ווער נעמען, דהיינו ע. ט. א. האָפמאַן, נאָוואַליס, באַלזאַק, פּוריע און קודם כל באָדלער, וואָס האָבן געמאָנט פון פּאָעטן צו זען די וועלט דורך אַ וואַלד פון סימבאָלן. אָבער ווי אַ גוטער תלמיד, וואָס ער איז געווען, גיט ער דאָך נאָך צו זיין אייגענעם פּירוש. פאַר די אימאַזשן און סימבאָלן דאַרף באַשטימט ווערן א פּלאַץ און אַ ווערט רעלאַטיוו צום ווערק וואָס דער גייסט האָט בדעה צו שאַפן. דאָס האָט אַ שייכות צו דער פּערצעפּציע וועלכע דער זכרון דאַרף אָרדנען אין אַ געוויסן סדר. און דער דמיון דאַרף געבן אַן אומבאַדינגטן אויסדרוק פון דעם וואָס באַוועגט די נשמה. פאַרהערלעכן דעם קולט פון אימאַזשן — „מיין איינציקע, מיין פּרימיטיווע ליידנשאַפט", זאָגט באָדלער אין זיין בוך: „מיין אויפגעדעקט האַרץ".

עס זענען געווען מיינונגען, אַז די וויכטיקייט וואָס באָדלער האָט צוגעשריבן דעם דמיון קען זיך נעמען פון קאָלערידזשן איבערן אומוועג פון פּאָ און אויף דעם וואָלט מען געקענט ציטירן באָדלערס השערה וועגן די אַלכעמיקער פון געדאַנק און וועגן זייער אומאָפּהענגיקער אָבער געמיינזאַמער שפּראַך.

מיר האָבן די געניוע ווערסיע שוין ציטירט. באָדלער האָט זיך אַפילו באַדינט מיט נאַרקאָטיקס, כדי צו צווינגען דעם דמיון צו פונקציאָנירן. דמיון און זכרון אין צוזאַמענהאַנג מיט דער וויזיע, דאָס זענען עלעמענטן וואָס ראַנגלען זיך צום אויסדרוק אין דער נשמה פונעם פּאָעט.

„איך וויל אָן אויפהער לאָזן פילן, אַז איך בין אַ פרעמדער אויף דער וועלט מיט אירע קולטן..." פון איין זייט האָט אים געשטויסן זיך צו דערהויבן איבער טראָגנען און ממשלות, און פון דער אַנדערער זייט צו געניסן פון אַלע תאוות און זינד כדי צו דערגיין ביז צום סוף פון די מעגלעכקייטן פון זיין מהות, כדי צו קולטיווירן די צושטאַנדן פון אַן אויסערגעוויינלעכער נשמה. רעמבאָ האָט געהאַט פון וועמען צו לערנען...

דאָס פּראָבלעם פון בייזן געפינט זיך אין צענטער פון באָדלערס באַטראַכטונגען, און פונקט אַזוי דאָס פּראָבלעם פון שיינעם. באָדלער איז געווען באַנומען פון שטן מיט זיינע נעצן, פון גיהנום וואָס מיר האָבן

געזען פֿאַרגעשטעלט פון דעלאַקרואַ אין זיין שאַפונג „דאַנטע און ווירגיל אין גיהנום". דער גיהנום אין די הינטערגאַסן פון פאַריז, דער גיהנום פון „ספּלין". די אַ רעטעניש פון לעבן איז צו זוכן אין לעבן פון אַלע טעג, אין לעבן פון דער מעטראָפּאָליס. אָט דאָ ליגט איינער פון די חידושים, וואָס באָדלער האָט אַרויפגעדריקט אויפן פּרצוף פון דעם מאָדערניזם.

דער פֿאַרצערטלטער באָדלער, דער ליבהאָבער פון לוקסוס און שיינקייט אין יעדער פֿאָרם, — איז עס דער וואָס זוכט דורך דאָס נאַכטיקע פאַריז מיט זיינע אומגעהייערע זינד, נעפּל, און שכרות... שטייענדיק אַליין אויף דער פּעריפעריע פון לעבן, האָט ער געקליבן דאָס עיקרדיקע און אין אַן איבערנאַטירלעכן צושטאַנד פון דער נשמה איבערגעוואָרפן זיין וויזיע אויפן בילד. אויף דעם אופן איז דאָס טעגלעכע לעבן געווען אָנגעפּילט מיט סימבאָלן. אויב סוועדנבאָרג נעמט אָן, אַז פאַר אַלץ דאָ אונטן איז פֿאַראַן אויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ (שייכות), אַזוי האַלט באָדלער אַז די דערשיינונגען פון דרויסן קאָרעספּאָנדירן מיט זיין אינערלעכן דערלעבן. יעדע דערשיינונג און פאַרב און קלאַנג און באָדלערס איבערלעבן דערפון מאַכט די קאָרעספּאָנדענץ (שייכות) צום סימבאָל. די זינען וואָס באַהעפטן זיך מיט די דערשיינונגען, זעען די קלאַנגען און הערן די פאַרבן. דעריבער רעדט ער וועגן דער מוזיק אין דעלאַקרואַ'ס שאַפונגען און וועגן די פאַרבן, אָפּטיש פאַרנומען אין וואַגנערס מוזיק.

און דערביי האָט באָדלער זיך שטענדיק געפונען אין צושטאַנד פון אַנטלויפן. נישט נאָר פון עלטערן־הויז, דער דענדיזם איז געווען אַ באַ־העלטעניש, זיין עיר־מקלט. ער איז געווען אַנדערש און ער האָט דאָס באַדערפעניש אַנדערש צו דערשיינען. און ווען ער ברענגט די „בילדער פון פאַריז", די „בלומען פון בייז", אידענטיפיצירט ער זיך אויף אַזוי ווייט מיט די בילדער, מיט די בלומען. אַז ער גלויבט כמעט, אָבער נאָר כמעט, אַז ער איז יעדע פון די בלומען. אָבער ווען ער ווערט אויף אַ מגושמדיקן אופן אַזוי פאַרשטאַנען, רופט ער אויס אַ געטראָפּענער: „זיי מיינען, אַז איך האָב די חטאים אַלע אַליין באַגאַנגען..."

און אוודאי אַנטלויפט ער אין די „קינסטלעכע גן־עדנס", ווו ער קען זיך אויסבאַהאַלטן און פאַרנעמען די סימבאָלן, ווו ער קען זיין אַליין.

מיט אַ מאָדנער סאַטיספאַקציע דערציילט ער, ווי, זיצנדיק אין טעאַטער נאָך אַ פאַרציע האַשיש, פילט ער אַ ביטערע קעלט בעת דער עולם פאָכעט ווילד מיט די פאָכערס בכדי צו קריגן אַ ביסל לופט. קיינער האָט ביי דער היץ נישט געקענט אָנען, אַז ער פרירט... זיך פאַרשטעלן, זיך פאַרבאַהאַלטן. אויך דערשטוינען איז געווען אָן ענין. ער האָט זיך אַמאָל געלאָזט פאַרבן די האָר אויף גרין. ווען ער האָט אַ פרעג געטאָן אַ פריינד צי ער האָט גאָרנישט געזען אויף אים, ענטפערט יענער, ניין. אָבער מיינע האָר זענען גרין?! אַלע מענטשן האָבן גרינע האָר, ענטפערט דער פריינד.

זיינע מאַנירן, זיינע געוווינהייטן, זיין איראָניע, אַלץ פון דעמזעלבן סטיל. אין הסכם מיט זיין נטיה, זיך צו פאַרשטעלן, צו באַהאַלטן. ווי עס זאָגט וועגן אים ריכטיק ליק דעקאָן: „די קאָמעדיע איז געווען זיין שפיל, די איראָניע זיין שווערד, דער דענדיזם זיין פעסטונג". אָדער ווי עס באַמערקט וועגן אים זיין פריינד לעוואַוואַסער: „ער מאַטערט זיין גייסט, כדי חוזק צו מאַכן פון זיין האַרץ".

נישט פאַראַן קיין פאָרטרעט פון באָדלערן, וואָס איז פריילעך אָדער לאַכנדיק (מיר וויסן, וואָס ער האָט געשריבן וועגן לאַכן). שטריכן פון טיפן ערנסט, נישט זעלטן ביטערקייט. אָבער דער בליק אַ דורכדרינגענדיקער, באַזעלט פון זוכן און דערקענען, בדרך כלל אַן אַנטלויפנדיקער, צומייסט פאַר זיך אַליין... „היפאָקריט לייענער, מיין גלייכן, מיין ברודער".

# פּאַסקאַל

אין יאָר 1842 ווערט באָדלער פּוליעריק. דעמאָלט גראָד שפּרייט זיך אויס אַ כוואַליע פון דערקענען און אָפּשאַצן איינעם פון פראַנקרייכס גרויסע זין, דהיינו בלעז פּאַסקאַל. די גאַנצע אַטמאָספערע איז דורכגעדרונגען מיט זיינע אידעען, זיינע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען וכדומה. אין 1845 גייט אַרויס אַ בוך וועגן אים פון זיין שוועסטער זשילבערט אין פאַרלאַג קוזען. סט. בעוו גיט אַרויס דעם דריטן באַנד פון זיין גרויסער אַרבעט וועגן פּאַסקאַל, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט זעקס יאָר פריער. ובכן, פּאַסקאַל שטייט אין צענטער פון אינטערעס און באָדלער מיט זיינע קאַטוילישע נטיות איז אוודאי נישט געבליבן אומבאַאיינפלוסט פון אַזאַ מין דערשיינונג ווי בלעז פּאַסקאַל. זיין מעכטיקער סטיל האָט זיך איינגעקריצט ווי אַ מעטאַפאָר אין באָדלערס מוח. משמעות, אַז אַפילו אין זיין קריטיק האָט זיך געפילט דער טאָן פון פּאַסקאַל׳ס בוך „מחשבות״ (Peusées)

אין באָדלערס עסיי וועגן לאַכן הערן זיך קלאַנגען וואָס מ׳קען זיי חושד זיין, אַז זיי שטיצן זיך אויף דער קירך און אויף פּאַסקאַלן. עס זענען אוודאי געווען גרויסע ענלעכקייטן צווישן דעם גרויסן נזיר און דעם גרויסן לעביונג. באָדלער איז אַ גרויסער תלמיד. מיר ווילן אין משך פון די אויספירונגען קענען זען וויפל השפּעות ער האָט זיך נישט איינמאָל אונטערגעוואָרפן. תמיד אָבער דורכגענומען דורך דער באָדלערישער פּרייזמע.

ווי גרויס עס איז געווען זיין ביטול פּאַר האַלבקייטן, גלאַטקייטן, באַנאַליטעטן, אַזוי גליענדיק, גרויסהאַרציק איז געווען זיין אָנערקענונג, פּאַר יענע, וואָס ער האָט געהאַלטן פּאַר גרויס.

פּאַסקאַל איז זיכער פּאַר אים געווען אַן אַנטפּלעקונג און מיט באַדלערישער אומבאַדינגטקייט האָט ער זיך מיט אים באַהאָפטן. פאַראַן סתירות וואָס פּאַסקאַל האָט זיי אָנגערופן „קאָנטראַיעטע״ (Contrariété)

און לויטן געזעץ פון די דאָזיקע סתירות, וואָס באָדלער און פּאַסקאַל האָבן אָן קיין שום ספק אין זיך געטראָגן און זענען בייביידן אויף פאַר־שידענע אופנים געקומען צום אויסדרוק — באָדלער איז געווען אַ צו שטאַרקער מבין כדי נישט אָפּצושאַצן סיי דעם געדאַנק, סיי דעם סטיל פון אַ גרויסן תלמיד חכם — איז עס דווקא פּאַסקאַלס אַסקעטיזם, וואָס האָט באָדלערן אָנגעפילט מיט באַוווּנדערונג. די נאַקעטע ווענט, די שטרוי־ענע שטולן, וועגן וועלכע עס דערציילט פּאַסקאַלס שוועסטער זשילבערט, זענען פאַר דעם געשווירענעם אָנהענגער פון לוקסוס געווען געניוג. אָבער די חלל׳ס, וואָס האָבן ביידע פערזענלעכקייטן נישט ווייניק געשראָקן, זיי האָבן זיכער באָדלערס שפּאַנונג געבראַכט ביז צום עקסטאַז, און געשאַפן אין אים די זעלישע נאָענטקייט מיט פּאַסקאַלן.

„...מאָראַליש און פיזיש, שרייבט באָדלער אין די „אינטימע טאָג־בלעטער״, האָב איך תמיד געהאַט אַ געפיל פון חלל. נישט נאָר פון שלאָף, פון אַקציע, חלל פון פאַרלאַנגען, פון חלום...״ „איך האָב מורא פאַרן שלאָף, איך וועל קיינמאָל נישט אַרויס פון זיין חלל־אַנגסט...״ דער דאָזי־קער ביאָגראַפישער פראַגמענט ענדיקט זיך מיט דעם גוט־באַקאַנטן וואָרט: „איך האָב געכאָוועט מיין היסטעריע מיט הנאה און מיט שרעק, און איצט האָב איך תמיד קאָפּ־שווינדל, און היינט, דעם 23־סטן יאַנואַר 1862 האָב איך געפילט אַ מאָדנע וואָרענונג, איך האָב געפילט ווי ס׳ציט דורך איבער מיר דער פליגל־געפעך פון משוגעת...״

״יעזוס, זאָגט פּאַסקאַל, וועט ליגן אין גסיסה ביז צום סוף פון דער וועלט. מען טאָר נישט שלאָפן ווען די שעה קומט אָן...״

„דאָס קען מען זאָגן, אַלץ קען מען זאָגן, אָבער צי קען מען מקיים זיין אַזאַ מין שליחות״, פרעגט לעאָן שעסטאָוו אין זיין פראַנצויזישן בוך „די נאַכט אין גת שמנים״.

## דער תהום

פּאַסקאַל געהאַט זיין תהום האָט, וואָס האָט אים נישט פאַרלאָזן.
אַלץ איז, ליידער, תהום — טואונג, גלוסטונג, חלום,
וואָרט! און שוין נישט איין מאָל ווי איך פיל אים,
דער ווינט פון פחד פאַר מיין פּנים בלאָזן.

**מלכה לאָקער**

אויבן, אונטן, אומעטום די טיפקייט, פונעם ים דער ברעג
די שטילקייט, די מרחקים, וואָס פאַרכאַפּן, זענען פול מיט מורא...
אין מיינע טיפע נעכט טוט מיט זיין פינגער צייכענען דער בורא
אַ פיל געשטאַלטיקן קאָשמאַר, וואָס נעמט גאָרנישט קיין עק.

כ׳האָב מורא פאַרן שלאָף ווי פאַר אַ גרויסער פוסטקייט
אָנגעפילט מיט אומבאַשטימטן פחד וואָס פירט ווער ווייס ווי ווייט;
פון אַלע מיינע פענצטער ס׳אומענדלעכע איך זע בלויז,

אין גייסט מיינעם כסדר אַ שווינדלער׳שער געיעג פאַראַנען,
ס׳אומפילבאַרע די פוסטקייט איז מקנא.
— אָ! פון צאָלן און פון ווענס קיין מאָל נישט אַרויס!

# פון דער עסענץ פון לאַכן

„...אַ מאָדנע זאַך, וואָס איז באמת ווערט מ'זאָל זיך אויף איר אָפּ־שטעלן, איז דאָס, וואָס דאָס אַריינפירן דעם דאָזיקן אומדערגרייכבאַרן עלעמענט פון „שיינעם" אין די ווערק, וועמענס צוועק ס'איז פאַרצושטעלן פאַרן מענטש זיין אייגענע מאָראַלישע און פיזישע מיאוסקייט, און פאַראַן אַ זאַך וואָס איז נישט ווייניקער מיסטעריעז, דער דאָזיקער טרויעריקער ספּעקטאַקל וואָס רופט אַרויס אין אים אַן אומשטערבלעכע און אומפאַר־בעסערלעכע פריילעכקייט..."

„... דער חכם לאַכט מיט ציטער..." באָדלער ווייסט נישט פון וואַנען עס קומט דאָס דאָזיקע מאָדנע און רירנדיקע וואָרט.

דער פסוק אין תהילים „עבדו את ה' ביראה וגילו ברעדה..." ער האָט דאָס ערגעץ־ווו געלייענט. מיר וועלן אים מוזן מוחל זיין, אויב ער רופט אָן דעם מלך־פילאָזאָף פון ישראל, און זשאָזעף דע מעסטר, אין איין אָטעם און אַפילו אָן אַ להבדיל. ער האָט דאָס, זאָגט ער, ביי דע מעסטר געלייענט, מסתמא ווי אַ ציטאַט.

„דער חכם ציטערט, ווייל ער האָט געלאַכט", טייטשט באָדלער ווייטער דעם פסוק. דער חכם האָט מורא פאַר געלעכטער, ווי ער האָט מורא פאַר וועלטלעכע ספּעקטאַקלען, ווי ער האָט מורא פאַר תאווה. ער שטעלט זיך אָפּ ביי דער גרענעץ פון געלעכטער ווי ביי דער גרענעץ פון אויפ־רייצונג...

אַפילו באָדלערס שטניזם איז דורכגעדרונגען מיט רעליגיאָזיטעט, אָבער דאָ שמעקט שוין מיט עפּעס אַנדערש. עס שמעקט מיט קירך און מיט פרומקייט, אַפילו מיט דאָקטרין. דער אויסטייטש איז לגמרי אין הסכם מיטן אָפיציעלן קריסטלעכן כאַראַקטער, ווען ער זאָגט: דער חכם פאַר עקסעלאַנס ווערט „דאָס פאַרקערפּערטע וואָרט" (Le Verbe incarné *), ער האָט קיינמאָל נישט געלאַכט... „אין די אויגן פון דעם וואָס ווייס אַלץ און קען אַלץ איז דאָס קאָמישע נישטאָ. פון דעסטוועגן האָט „דאָס פאַר־קערפּערטע וואָרט" געקענט צאָרן, אַפילו טרערן..." „...געלעכטער און טרויע־

*) Le Verbe incarné מיינט ביי די קריסטן ישו.

ריקייט ווערן אויסגעדריקט ווי עס הערשט דאָס געבאָט און דאָס וויסן פון גוטן און פון בייזן: דורך די אויגן און דורכן מויל. אין דעם ערדישן גן־עדן האָלט מען, אַז עס געפינט זיך אין עבר אָדער אין עתיד, אין זכרון אָדער אין נבואה, לויט טעאָלאָגן (אָדער סאָציאַליסטן) אינעם ערדישן גן־עדן, ווי ס׳האָט זיך דעם מענטשן אויסגעוויזן, אַז אַלץ וואָס איז באַשאַפן איז גוט, איז די פרייד נישט געווען אין געלעכטער. דאָס לאַכן פון די ליפּן איז, לויט מיין קריסטלעכן פילאָזאָף, אַ סימן פון פּונקט אַזאַ גרויסער עצבות ווי די טרערן פון די אויגן...״

מיט טרערן וואַשט דער מענטש אָפּ דעם ווייטאָג, מיט לאַכן דערלייכטערט ער צומאָל זיין האַרץ. אויב, למשל, אַ מענטש פאַלט, רופט דאָס אַרויס אַ געלעכטער און אַזוי ווערט די שפּאַנונג דערלייכטערט.

מיר געפינען זיך אין אַ מיסטישער אַטמאָספער. דעם מענטשן, איז באָדלער ווייטער מסביר, זענען נישט געגעבן ציינער פון אַ לייב, בייסט ער דורך לאַכן. אין זיינע אויגן איז נישט פאַראַן די פאַסצינירנדיקע כיטרעקייט פון אַ שלאַנג, פאַרפירט ער דורך טרערן אין זיינע אויגן... באָדלער באַנוצט זיך מיט דער נאַיווער פיגור פון ווירזשיניאַ פונעם באַקאַנטן ראָמאַן פון סט. בערנאַרדען „פּאָל און ווירזשיניאַ״ בזה הלשון:

„ווירזשיניאַ אַ געבוירענע פון אַן אָריענטאַלישער זון און אַ געבענטשטע מיט דער אורשפּרינגלעכער מוזיק פון די כוואַליעס אין די אויערן, די דאָזיקע באַשעפעניש פון אַבסאָלוטער ריינקייט און נאַיוויטעט, פאַלט פּלוצעם אַריין קיין פּאַריז אין דער מיט פון רעשנדיקער פאַרפּעסטעטער ציוויליזאַציע. זי איז אינגאַנצן דורכגענומען פון ריינע און רייכע ריחות פון אינדיע. איר ליבע, ווי די פון פּאָל צו איר, איז פאַר זיי ביידע כמעט אומבאַוווּסט״.

באָדלער שילדערט וואָס פאַר אַן איינדרוק עס מוז אַרויסרופן דאָס סדום פון פּאַריז אויף ווירזשיניאַ, אויף דער ריינער אומבאַרירטער נשמה. זי, וואָס איז געוווינט נאָר צו איינפאַכע זאַכן ווי זי אַליין, זעט זיך פּלוצעם פּנים אל פּנים מיטן אומבאַקאַנטן. די ערשטע רעאַקציע — זי וויל זיך צוריקציען. צי האָט זי פאַרשטאַנען, צי נישט — זי איז דערשראָקן... זי בלייבט אין פּאַריז און דאָס לאַכן וועט קומען. נאָר, זאָגט באָדלער,

מיר גלויבן נישט, אַז אונדזער אינטעליגענץ איז העכער פון אירער, לאָמיר בלויז קאָנסטאַטירן דאָס ליידן און די מורא פון דעם אומבאַרירטן מלאך, ווען זי זעט אַ קאַריקאַטור".

„... דאָס לאַכן קומט פון אַן אידעע פון אייגענער געהויבנקייט. אַ שטנ'ישע אידעע! אויב עס איז פאַראַן אַזעלכע... מיר ווייסן, אַז משוגעים אין די שפּיטעלער האָבן די אידעע פון זייער אייגענער העכערקייט אי־בערמעסיק אַנטוויקלט. איך קען נישט קיין באַשיידענע משוגעים. דאָס לאַכן איז דער אָפּטער אויסדרוק פון משוגעת... און אָט זעט איר ווי ווירזשיניאַ איז אַראָפּגענידערט אַ שטאָפּל טיפער אין איר ריינקייט. זי וועט אָנהויבן קריגן די אידעע פון איר אייגענער העכערקייט. זי וועט מער וויסן וועגן דער וועלט און זי וועט לאַכן".

„דאָס וואָלט געווען גענוג צו באַווייזן, אַז דאָס קאָמישע איז איינער פון די קלאָרסטע שטן־צייכנס פונעם מענטשן. און איינס פון די צאָלרייכע קערנדלעך פונעם סימבאָלישן עפּל... איך האָב געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ סימפּטאָם פון שוואַכקייט אין לאַכן. און באמת, וואָס פאַראַ בולטן אויסדרוק פון שוואַכקייט, פון נערוועזער קאָנוווּלסיע, פון אַ נישט ווילנדיקן ספּאַזם, געגליכן צו ניסן, וואָס ווערט אַרויסגערופן בעת מען זעט ווי עמעצער פאַלט אום אויפן ברוק".

די ראָמאַנטישע שול, אָדער בעסער געזאָגט, די אָפּטיילונג אין דער ראָמאַנטישער שול, די שטנ'ישע, האָט גוט געקענט דאָס דאָזיקע פּריי־מיטיווע געזעץ פון לאַכן: אויב נישט אַלע האָבן עס פאַרשטאַנען, אַלע, אַפילו אין זייערע ווולגאַרסטע עקסטראַוואַגאַנצן און איבערטרייבונגען, אַלע האָבן עס געפילט און ריכטיק אָנגעווענדעט... זיי אַלע, לעגיטימע אָדער נישט לעגיטימע אייניקלעך פון דעם באַרימטן רייזנדן „מעלמאָטה", די גרויסע שטנ'שע שאַפונג פונעם רעווערענד מאַטיורען. דאָס לאַכן פון אָט דער בעסטיאַלישער פיגור איז אַן אויסברוך פון כעס און פון לייד... עס איז כדאַי מען זאָל מיך גוט פאַרשטיין. די נויטיקע רעזולטאַטן פון זיין טאָפּל־נאַטור, פון ווידערשפּרוך, וואָס איז אומענדלעך גרויס אין פאַרגלייך מיט מענטשן און אומענדלעך מיאוס און נידעריק בנוגע צום אַבסאָלוטן אמת און רעכט, דאָס לאַכן איז שטן'דיק און דעריבער אומ־ענדלעך מענטשלעך.

# פרויען

באַדלערס באַציונג צו פרויען איז געווען געצייכנט פון זיין באַגעגעניש מיט דער ערשטער פרוי, מיט זיין מוטער. דער דאָזיקער אומגעלומפּערטער אַנהויב אינאיינעם מיט דער בלאַזירטער האַנדלונג פון דענדי, די שטעלונג פון דער קירך צו דער פרוי, סומירן בערך דעם קרומען שפּיגל דורך וועלכן באַדלער האָט פּרעטענדירט צו זען די פרוי.

אין גאַנצן באַנד „בלומען פון בייז" זענען פאַראַן בלויז ווייניק ליבע־לידער. דאָס הייסט נישט, אַז באַדלער האָט נישט געהאַט קיין ליבע־געשיכטעס מיט פרויען. אָבער די ערשטע ליבע, די ליבע צו זיין מוטער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. עס איז אַפילו אַמוזאַנט צו לייענען ווי באַדלער דערמאָנט מיט אַן אמתער סאַטיספאַקציע, אַז זיין מוטער איז געווען אייפערזיכטיק אויפן שטוב־מיידל.

בעת זיין נסיעה אין די עקזאָטישע לענדער האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע לידער געווידמעט צו פרויען וואָס ער האָט אין די לענדער געטראָפן. און אפשר איז די שוואַרצע ווענוס, ווי מ'האָט שפּעטער אָנגערופן די מולאַטין זשאַן דיוואַל, אַ פּועל־יוצא פון דער נאָסטאַלגיע נאָך יענע לענדער. אָבער בעיקר קריסטאַליזירט זיך באַדלערס איינשטעלונג צו דער פרוי אונטער צוויי אַספּעקטן: דעם אַספּעקט פון דענדיזם און דעם קאַטאָליציזם. דער דענדיזם איז אַ האַלטונג — איך וואָלט נישט געוואָלט זאָגן פּאָזע — באַדלער האָט צו פיל דערינען אַריינגעלייגט — דאָס איז געווען אַ מין קעגנשטעלן זיך צו דער געזעלשאַפט דורך וועלכער ער האָט זיך געפילט פאַרפאַלגט. דאָס איז נישט געווען אַ האַלטונג פון אַנטקעגנשטעלן זיך פנים אל פנים, די האַלטונג איז גיכער געווען פון אויבן אַראָפּ. אין זיין שווערער לאַגע קוקט ער אויף דער געזעלשאַפט און איז זי מבטל. ער שפּילט מאָדע, דעקאַדענץ וכדומה. דאָס זענען נאָר די אויסערלעכע מיטלען דורך וועלכע ער דריקט אויס די דאָזיקע האַלטונג. און דווקא אין דער ראָם פון קאָנווענציאָנאַל האָט באַדלער גע־

וואָלט אַריינצווינגען זיין אָריגינעלקייט. דאָס וואָרט דענדי, זאָגט באָדלער, מיינט די קווינטעסענץ פון כאַראַקטער, פונעם גאַנצן מאָראַלישן מעכאַ־ניזם פון דער וועלט. אָבער פון דער אַנדערער זייט שטרעבט דער דענדי צו געפּילאָזיקייט, בלאַזירטקייט, אָדער ער מאַכט נאָר אַן אָנשטעל, אַז ער איז בלאַזירט צוליב וועלט־קלוגהייט און לויט דעם טעם פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

אין תוך גענומען איז נישט אַזוי וויכטיק צי האָבן אָט די מאָראַלישע זכרונות גורם געווען באָדלערס פאַרבינדונג מיט זשאַן דיוואַל. איין זאַך איז אָבער זיכער: דאָס איז געווען די ערנסטע און דויערנדיקסטע פאַר־בינדונג פון שאַרל באָדלערן מיט פרויען. און הגם ער האָט נישט דער־וואַרט, אַז אַ פרוי זאָל זיין צוגעפּאַסט צו טיילן מיט אים זיינע גייסטיקע געניג, איז דער פאַקט פון איר אַבסאָלוטער רויקייט געווען אַ גרויסע שטערונג אין זייערע באַציִונגען. ווען ער האָט געפּרוּווט זי אויסבילדן, האָט זי ציניש רעאַגירט.

דער קולט פון אילוזיעס אין באַצוג צו דער פרוי האָט פאַרדעקט די אָבסקוראַנטישע אויפפאַסונגען וואָס ער האָט געלערנט אין קאַטוילישן „חדר". די פרוי איז פאַר באָדלערן געווען אַן עסטעטישער חפץ, צו וועלכן מען גייט צו מיט אַ בייטש אָדער אויף די קני. זי איז נאָר וויכטיק ווי אַ קוואַל פון פאַרגעניגן און אַלס אַזעלכע איז זי ממילא פאַרשאָלטן. די אָנגענומענע שטעלונג צו דער פרוי מצד דער קירך גיט אים אַ געלעגנ־הייט צו לעסטערונג וואָס זענען סיי גרויזאַם, סיי סובטעל.

דאָס „אויסטערלישע" איז אויך אַן עלעמענט פון שיינעם פאַר באָד־לערן. דאָס אויסטערלישע לגבי דעם קאָנווענציאָנעלן איז געווען דער עיר־מקלט ווו ער פלעגט אַנטלויפן און זיך ליב האָבן אויסצובאַהאַלטן. אין דער באַהעלטעניש האָט באָדלער אויסגעבויט זיין פערזענלעכע עטיק, וואָס האָט נישט איינמאָל געביטן די פאַרבן... „די פרוי קען נישט זיין אומפאַרשטאַנען, זי האָט בכלל גאָרנישט צו זאָגן..."

מיר וועלן נאָר ציטירן אַ קליינעם אָפּשניט פון באָדלערס באַטראַכ־טונגען וועגן דער פרוי אין דער אָפּהאַנדלונג איבער קאָנסטאַנטין גייס, וועלכע מיר ברענגען שפּעטער. „...זי רעפּרעזענטירט גוט די ווילדקייט

אין אונדזער ציוויליזאַציע, זי האָט איר שיינקייט וואָס קומט פון בייזן, וואָס איז תמיד אַנטבלויזט פון גייסטיקייט, אָבער ווערט אַמאָל געמאָלט פון מידקייט, וואָס מאַכט אַן אָנשטעל פון מעלאַנכאָליע. זי פירט איר בליק איבערן האָריזאָנט ווי אַ חיה איבער איר קרבן. דאָס זעלבע בלאָנ־דזשען, די זעלבע גלייכגילטיקע צעפּאָרנקייט און אויך צומאָל די זעלבע פאַרשטאַרקטע אויפמערקזאַמקייט. אַ טיפּ פון אַ בלאָנדזשענדיקער באַ־העמע אין דער ראַם פון אַ רעגולערער געזעלשאַפט. די טריוויאַלקייט פון איר לעבן, פול מיט ביטערקייט און קאַמף, וואָס לאָזט זיך פּאַטאָל אַרויסזען פון אונטערן אײנהיל פון איר אַפּאַראַט. מען קען צו איר אָנווענדן די ווערטער פון דעם אומפאַרגלייכלעכן מייסטער דע לא ברויער: „פּאַראַן עטלעכע פרויען מיט אַ קינסטלעכער גרויסקייט, פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג פון די אויגן, אָדער פון קאָפּ, אָדער מיט דעם אופן פון זייער גאַנג... און וואָס גייט נישט ווייטער".

מען וואָלט געקענט ציטירן נאָך זייער אַ סך פון די דאָזיקע באַדלע־רישע גלייכווערטלעך. דערווייל אָבער וועלן מיר אפילו נישט נאָכגיין די סיבות צוליב וועלכע ס'זענען אים ליבער געווען פרויען פון דער אונטערוועלט. עס האָבן דאָ געקענט מיטשפּילן פאַרשידענע פאַקטאָרן.

„נישט קענענדיק אונטערדריקן די ליבע האָט די קירך אויסגעטראַכט די חתונה כדי זי אונטערצוברענגען... ליבע — דאָס איז פאַר אַלעמען ראשית כל אַ גלוסטונג צום שיינעם, זי איז די אמתדיקע באַשעפּטיקונג פאַרן לײדיקגייער... די ליבע איז געגליכן צו אַ טאָרטור אָדער צו אַ כי־רורגישער אָפּעראַציע... אויב אַפילו די ליבהאָבער זענען ביידע באַוועגט דורך אַן אמתן גלוסטן איינער צום צווייטן, וועט דאָך איינער פון זיי זיין מער רויק און ווייניקער באַזעסן און ער איז דאַן דער אָפּעראַטאָר אָדער רוצח, דער אַנדערער איז דער קעגנשטאַנד, דער קרבן. צי הערט איר דאָס זיפצן, אָט דעם פּרעלוד צו אַ טראַגעדיע פון דערנידעריקונג, דאָס דאָזיקע קרעכצן, דאָס געשריי, דאָס קלאָגן? ווער האָט נאָך דאָס נישט איבערגעלעבט, ווער האָט נאָך צוליב דעם נישט אויסגעפּרעסט די טרערן? אַ מוראדיקע שפּיל, וואָס נויטיקט זיך, אַז איינער פון די מיטבאַטייליקטע זאָל אַרויס פון די כלים... די ליבע וויל אַרויס פון זיך, זיך אויסמישן

מיטן קרבן, דער זיגער מיטן באַזיגטן, איינהאַלטן דערווייל די פּריווי־לעגיעס פונעם זיגער".

מיר וואָלטן די דאָזיקע דיבורים געקענט כאַראַקטעריזירן מיט איין וואָרט: יינגלשע רייד! אַזוי קינדיש, אַזוי אומרייף, ווייזן אונדז אויס די דאָזיקע אויסברוכן. אָבער באָדלער וועט זיך נישט לאָזן אָפּקומען אַזוי ביליק. ער איז נישט נאָר געווען אַ לערער, ער איז אויך געווען אַ גוטער תלמיד. און ער איז געווען דער לעצטער נישט צו דערקענען זיינע לע־רערס. „צי שטעלט איר זיך פאָר אַ דענדי וואָס רעדט צו זיין פאָלק אַנ־דערש ווי חוזק מאַכנדיק פון אים?... דאָס פאָלק איז פאַרליבט אין דער בייטש... דער אמתער הייליקער איז דער, וואָס שלאָגט דאָס פאָלק צום גוטן פאַרן פאָלק..."

נישט פאַסקאַל, נאָר זשאָזעף דע מעסטר שטעקט אין די דאָזיקע חסר־טעם און חסר־דעהדיקע ווערטער. אין די „אינטימע בלעטלעך" ווייזט באָדלער אַרויס דעם איינפלוס פון זשאָזעף דע מעסטר וועמענס שניידב־דיקער סטיל, די אומפאַרשעמטקייט, די שנאה צו פרויען זענען געווען ווי געשאַפן אים צו פאַרפירן.

אין זיין הקדמה צו „די אויסעראָרדנטלעכע געשיכטן" פון עדגאַר פּאָ, ציטירט באָדלער מיט פאַרגעניגן די באַמערקונג פון פּאָ לויט וועלכער דאָס פאָלק האָט גאָרנישט צו טאָן מיט געזעצן, סיידן זיי צו געהאָרכן. די נאָז פון דער באַפעלקערונג איז איר דמיון. די דאָזיקע נאָז מאַכט עס לייכט זי צו קענען פירן ביי דער נאָז... דע מעסטר און פּאָ, ווי באָד־לער פאַרזיכערט אונדז, האָבן אים געלערנט דענקען... מיר זענען נישט מסכים, נישט מיט די לערערס און נישט מיט זייער תורה. עס איז אָבער אַ גליק, וואָס באָדלער איז זיך אָפט סותר, בפרט ווען ער פאַררופט זיך אויף פרעמדע תורות. און צום גליק בייט ער אויך נישט זעלטן די לערערס. מיר ווערן נישט נתפעל פון זיינע רעאַקציאָנערע אידעען, אַפילו ווען ער זעט אַ פּאָליציסט שלאָגן אַ בירגער און רופט אויס: „שלאָג, שלאָג אַביסל שטאַרקער, פּאָליציסט פון מיין האַרץ, ווייל אין דער העכסטער שלאָגעריי באַוווּנדער איך דיך און איך האַלט דיך ענלעך צו יופּיטער, דעם גרויסן ריכטער. דער מענטש וואָס דו שלאָגסט איז דער שונא פון

רויזן, און פון פאַרבן, און ער האָט פיינט ראַפאַעלן, ער איז אַ בלוטיקער שונא פון לוקסוס, פון שיינע קונסטן און שיינער ליטעראַטור, אַ געשוואוי־רענער געטער־צעשטערער, אַ תלין פון ווענוס און אַפּאָלאָ, א.א.וו.״.

מיר וועלן שפּעטער זען, אַז ער האָט מיט זיין רייפערן איינזען אינ־גאַנצן געביטן די דאָזיקע מיינונגען.

נאָך אַלעמען וואָס מיר ווייסן וועגן באַדלערס באַציונג צו פרויען, ווי שוין אויבן באַמערקט, איז אָנצונעמען, אַז די ערנסטסטע און דויערנ־דיקסטע איז דאָך געווען זיין באַציונג צו דער מולאַטין. נישט קוקנדיק אויף די שטענדיקע רייבונגען צווישן זיי, איז, ווייזט אויס, געווען עפּעס גוטס אין איר וואָס האָט גורם געווען דערצו, אַז ער האָט געהאַט צו איר מער צוטרוי ווי צו וועלכער ס׳איז אַנדערער פרוי, צי זי האָט דאָס יאָ פאַרשטאַנען אָדער נישט. זי איז געווען, ווי ער זאָגט דאָס ערגעץ ווו, זיין איינציקער חבר, זיין איינציקע פרייד. ער דערציילט אויך, אַז ווען ער האָט געהאַט פינאַנציעלע שוועריקייטן, האָט זי פאַרקויפט מעבל און צירונג בכדי אים צו העלפן. פונקט אַזוי ווי די אַרומיקע וועלט האָט נישט געקענט אָפּשאַצן איר אויסערלעכע שיינקייט, זענען אפשר אויך אין איר גופא געווען שטריכן וואָס נאָר באַדלער האָט געקענט זען און אָפּשאַצן. אָבער וואָס מיר ווייסן פון איר איז בעיקר געווען איר רויקייט, איר פאַרלאַנג נאָך פאַרגעניגן, איר תאווה צו טרינקען און צו נאַרקאָטיקס. ווען זי איז געוואָרן מיאוס און אַלט איז עס דאָך געווען באַדלער צו וועלכן זי האָט זיך געקענט ווענדן נאָך הילף. נאַדאַר, אַ פריינד פוןביידע (זעט אויס זשאַנס ליבהאָבער בעת זי איז געווען מיט באַדלערן) מיינט, אַז ס׳איז אַפילו נישט זיכער צי עס איז געקומען צו אַן אמתדיק אינטים צוזאַמענלעבן צווישן באַדלערן און זשאַן דיוואַל. ווען ער האָט געמאַכט אַנדייטונגען דערויף, האָט זשאַן בלויז געלאַכט. פאַר באַדלערן איז זי געווען די איינציקע נחמה, די איינציקע דערהויבונג, די איינציקע פרוי, וואָס האָט אים געמאַכט פילן אַז ער לעבט.

„וואָס איז מיר וויכטיק די רעאַליטעט, וואָס געפינט זיך מחוץ פון מיר, זאָגט ער אין זיין פּאָעמע „די פענצטער״, אויב זי האָט מיר גע־

שאַרל באָדלער

**האָלפן צו לעבן, צו פילן אַז איך בין און דאָס וואָס איך בין..." דאָס איז אַן עדות וואָס אויטענטישער פון איר קען נישט זיין.**

די זייער טייערע איז געווען אינגאַנצן נאַקעט, קענענדיק מיין האַרץ
האָט זי נאָר אָנגעטאָן דעם צירונג דעם וווּנדערלעכן
וואָס זיין רייכער פּאַרנעם האָט זיגרייך געוויזן איר שוואַרצן
גוף, ווי אין גליקלעכע טעג דער שקלאַף פון די מאָרן.

ווען ער וואַרפט אין זיין טאַנץ זיין רויש און זיין שפּאָט,
אָט די וועלט פול פון שטראַל פּאַרשייט אין איר טראָט
מיך ברענגט אין עקסטאַז, די זאַכן האָב איך האָלד
ווען עס מישן זיך קלאַנג מיט ליכט ווי מיט גאָלד.

זי איז געלעגן בכן און האָט זיך ליבן געלאָזט
אויפן הויכן דיוואַן, האָט געשמייכלט נאָר לייכט
צו מיין ליבע גאָר טיף, ווי דער ים אין זיין גאַס
איז געשטיגן צו איר, צו דעם פעלדז וואָס איר גלייכט.

פיקסירט אויף מיר אויגן ווי אַ טיגער געצוימט
פאַרחלומט און אומזיכער פּרוּווט זי אויס אירע פּאָזן
און ציכטיקייט אינאיינעם מיט אומציכטיקייט פאַרפירט
זי מיט נייע צויבער און נייע מעטאַרמאָפאָזן

און איר פוס, און איר אָרעם, און איר היפט, און איר רוקן
פּאָלירט ווי פון אייל, כוואַליענדיק ווי אַ שוואַן,
פּאַסירט האָבן מיינע העלזעוודיקע אויגן
איר לייב, אירע ברוסטן, פון מיין וויינגאָרטן די טרויבן!

זיי האָבן זיך גענענטערט פול חניפה, ווי מלאכים פון בייזן
כדי מיין רו צו פאַרווירן, מיין נשמה איז געווען

אויפֿן פֿעלדז פֿון קרישטאָל, ווו ס׳איז במנוחה געלעגן
איינזאַם און רויק האָב איך זיך באַזעצט איר אַנטקעגן.

און דער לאָמפּ רעזיגנירט, אַנטשלאָסן צו שטאַרבן
דאָס פֿאַרהויז אַליין האָט דעם צימער באַלויכטן
אַלע מאָל ווען די פֿלאַם האָט אַ זיפֿץ אויסגעשטויסן
האָט די הויט זיך צעשטראַלט אין בורשטינענע רויטן.

(דאָס צירונג)

קיינער, ווי געזאָגט, וויים נישט וועגן באָדלערס איבערלעבונגען מיט פֿרויען אויסער דעם וואָס ער דערציילט אַליין און דאָס איז פּראָבלעמאַטיש. „דאָס וואָס כאַראַקטעריזירט דעם פֿאַרגעניגן פֿון ליבע איז וואָס דער מאַן און די פֿרוי טוען דאָס בייזע, וויסנדיק״.

דאָס צוזאַמענלעבן צווישן מאַן און פֿרוי האָט באָדלער באַטראַכט ווי אַ זינד. דעריבער האָט ער געפֿילט, אַז דאָס ערשטע צוזאַמענלעבן איז אַ געהיימער און פֿאַרשאָלטענער אַקט... עס וועט תּמיד זיין עפּעס פֿון דער שוואַרצער מעסע אין אַקט פֿון ליבע... „פֿאַר באָדלערן, זאָגט ליק דעקאָן אין זיין שיינעם בוך „שאַרל באָדלער״, פֿאַרמישט זיך דער עראָטיזם מיט דער פֿאַרצווייפֿלטער שיינקייט פֿון בייזן״, אַזוי ווי דאָס ליבע־געפֿיל מיט ריינקייט, און דאָס גייסטיקייט מיט רעליגיאָזיטעט. די באַציִונג צו דער פֿרוי איז דעריבער אַ ריין קאָנווענציאָנעלע, אַ קירכלעכע. דער באַגריף פֿון זינד איז אַבסאָלוט פֿאַרבונדן מיט דער פֿרוי. די דאָזיקע מעטאַפֿיזישע עוולה מצד דער קירך צו דער פֿרוי חזרט באָדלער איבער אָן קיין שום קריטיק. די פֿרוי איז אַ באַשעפֿעניש פֿון שטן, און ער דינט דעם שטן, ווייל ער פֿילט זיך פֿון תּמיד אָן פֿאַרשאָלטן. צו פֿולשטענדיקער האַרמאָניע מיט אַ פֿרוי איז ער קיינמאָל נישט דערגאַנגען. זי איז מיט אים געגאַנגען אַ שטיק וועג, לויט זיינע אויפֿפֿאַסונגען אַזוי ווייט ווי עס האָט געדויערט דאָס אַנימאַלישע אין זייערע באַציִונגען. זיינע מעטאַפֿיזישע מחשבֿות האָט זי נישט געקענט מיטמאַכן און דאָס האָט ער איר, פֿאַרשטייט זיך, זייער פֿאַראיבל גענומען.

דער דענדי און די קירך האָבן אַזוי אַרום געפּורעמט באָדלערס איינ־שטעלונג צו דער פרוי. אָבער די אָנהויבן צו דער דאַזיקער איינשטעלונג דאַרף מען זוכן אין זיינע קינדער־יאָרן, ווען זיין מוטער האָט חתונה געהאַט מיטן גענעראַל אָפּיק. ווען זי האָט, לויט זיינע באַגריפן, אַריינגע־לאָזט אַ פרעמדן אין זייער וואַרעמער משפחה־אידיליע.

פאַראַן אָבער עטלעכע ליבע־לידער וואָס זענען פון דעסטוועגן מרמז, אַז באָדלערס שנאה צו פרויען — איז נישט אינגאַנצן ערנסט צו נעמען.

באָדלער באַגעגנט מאַרי דאָברען, אַ יונגע שוישפּילערין, וואָס איז שוין פאַרבונדן מיט באָדלערס פריינד טעאָדאָר דע באַנוויל. מיר וועלן ברענגען בלויז געציילטע אויסצוגן פון אַ בריוו צו איר. „איך האָב אַ סך אַנגעוווירן דורך די דאַזיקע אויפקלערונגען, אָבער איר, מאַדאַם, האָט אַ סך געוווּנען, ווייל איר האָט אינספּירירט אין מיר טיפע געפילן פון אָפּשאַצונג און פון רעספּעקט. בלייבט תמיד אַזוי און האַלט זיכער די דאַזיקע ליבע, וואָס מאַכט אייך אַזוי שיין און אַזוי גליקלעך. אָבער קומט צוריק, איך באַשווער אייך, איך וועל זיין ליבהאַרציק און באַשיידן אין אַלע מיינע באַגערן. איך האָב פאַרדינט אייער פאַראַכטונג, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל זיין צופרידן מיט ברעקלעך. איך האָב געזאָגט ליגן. אָ! ווען איר וואָלט געוווּסט ווי שיין איר זענט געווען אין יענעם אָוונט״.

דאָס גייט אַזוי אָן זייטנלאַנג אין הכנעה און אין איבערגעגעבנקייט, אין דרך ארץ און ליבע. און אָט איז „צו אַ מאַדאָנע״, אינספּירירט פון דערזעלבער מאַרי דאָברען:

## צו אַ מאַדאָנע

איך וויל בויען פאַר דיר, מאַדאָנע מיין געליבטע,
אַן אונטערערדישן מזבח גאָר טיף אין מיין יאוש
און גראָבן אינעם שוואַרצסטן ווינקל פון מיין האַרץ
ווייט פון עולם־הזה׳דיקן גלוסט, ווייט פון שפּאָטנדיקע בליקן
וווּ דו וועסט זיך אַ שטעל טאָן, אַ סטאַטוע אַן אַנציקטע,

## מלכה לאָקער

אַ נישע פון אַזור און פון גאָלד אינגאַנצן עמאַלירט,
מיט מיינע פערזן אויספּאָלירטע, געטאָקט פון ריין מעטאַל
ווילקענעוודיק געפלאָכטענע, מיט גראַמען פון קרישטאָל.
פאַר דיין קאָפּ וועל איך מאַכן אַ קרוין גאָר אַ גרויסע
און אין מיין קנאה, אַ שטערבלעכע מאַדאָנע,
כ׳וועל דיר אַ מאַנטל צושניידן, אויף אַ באַרבאַרישן פאַסאָן,
אַ שטייפן און אַ שווערן, געפוטערט מיט פאַרדאַכט,
וועט ער פאַרשליסן דיינע חנען, ווי אין אַ וואַכשטיבל פאַרמאַכט.
נישט פערל וועלן אים באַצירן, נאָר אַלע מיינע טרערן!
דיין קלייד, דאָס וועט זיין מיין באַגער וואָס טוט צאַפּלען,
אַנדולירט זיך, מיין גלוסטונג וואָס הויבט זיך און פאַלט,
וויגט זיך אויף די שפּיצן, רוט אָפּ זיך אין די טאָלן
און באַדעקט מיט אַ קוש דיין ווייס־ראָזן קערפּער דעם גאַנצן.
פון מיין רעספּעקט וועל דיר מאַכן פאַנטאָפּעלעך שיינע
פון אַטלעס, דורך דיינע געטלעכע פיסלעך דערניד׳ריקטע,
וואָס וועלן זיי אַרומנעמען און ווייך צודריקן צו זיך
און אָפּהיטן געטריי דעם אָפּדרוק זייערן.
און אויב איך קען, ווי שטאַרק מיין קונסט זאָל זיך נישט מיען,
פון זילבערנער לבנה דיר קיין פוסבענקל נישט מאַכן,
וועל איך דעם שלאַנג, וואָס בייסט מיין אינגעוויד, דיר לייגן
אונטער דיינע קנאָפּל, אַ קעניגין פון זיג, וואָס פרוכטבאַר איז
אין תשובה,
כדי דו זאָלסט דעם מאָנסטער אָנגעשטאָפּט מיט שנאה און געשפּיי,
מיט דיינע פיס צעטרעטן און מאַכן אים צו שאַנד און שפּאָט.
וועסט זען מיינע מחשבות ווי ליכטער אויסגעשטעלט פאַרן אַלטאַר
באַצירט מיט בלומען פון דער קעניגין פון בתולות
באַשטערנען מיט אָפּגלאַנצן די בלוי געמאָלטע סטעליע
און לאָזן נישט אַראָפּ פון דיר די פייערדיקע אויגן;
און אַזוי ווי אַלץ אין מיר באַוווּנדערט דיך און האַלט דיך טייער
וועט פון אַלץ ווערן וויירויך, קטורת, מירע, בשמים

און ס'וועט מיין גייסט, דער שטורמישער, אין פּאַרעס און אין רויכן
צו דיר אַרויפשטייגן, צו דיינע ווייסע און באַשנייטע הויכן

צום סוף, כדי דו זאָלסט פאַרענדיקן דיין ראָל פון מאַריאַ,
כדי די ליבע מיט באַרבאַרישקייט זאָל זיך צעמישן,
שוואַרצע תאווה! דו, תלין פון חרטה
אויף די שרעקלעכע חטאים, כ'וועל מאַכן זיבן מעסערס,
גוט געשליפענע און כ'וועל ווי אַן אומפילבאַרער זשאָנגלער,
דיין טיפסטע ליבע נעמענדיק מיר פאַר אַ צילברעט,
אַריינשטעכן זיי אַלע דיר אין האַרץ דיינעם וואָס פּלאַטערט,
אין האַרץ דיינעם וואָס וויינט, אין האַרץ דיינעם וואָס טריפט
מיט בלוט.

**מיר קענען דאָ בשום אופן נישט אַנטפלעקן קיין ביטול צו דער פרוי. אַ חוץ אַ גליענדיקער אייפערזוכט, פילט זיך אַן אומענדלעכע הכנעה און אַ קינדישער רצון צו נעמען נקמה. „סאַדיזם" — זאָגן אַלע מפרשים: פאַר אונדז, נאָכדעם ווי מיר האָבן נהנה געווען פון דער אויסטערלישער שיינקייט פון דער פּאָעמע, זעט אונדז אויס די אייפערזוכט אַזוי רירנדיק און קינדיש ווי ווען אַ קינד שלאָגט צוריק די באַנק איבער וועלכער עס האָט זיך צעקלאַפּט דעם קאָפּ.**

**פאַר איינעם וואָס וויל זיך באַהאַלטן אונטער אַ מאַסקע פון דענדיזם, איז דאָס אַ שטיק אָפן מודה זיין זיך אין אַ ווייטאָג, וואָס קען פאַרשע־מען דעם פרומסטן ראָמאַנטיקער. דער דענדי וואָס שטרעבט ביי באָדלערן צו יענער אינערלעכער פּערפעקציע, וואָס קען מיט ביטול אַריבערשווימען איבער אַזאַ מין דורכפאַל... מוז מען אוודאי ציטירן געטעס וואָרט וואָס זאָגט:**

איך בין נישט קיין אויסגעקלעגלט בוך
איך בין אַ מענטש נאָר מיט מיין ווידערשפּרוך...

**די איבערלעבונג, דער ווידוי האָט דורכגעמאַכט אַ קריסטאַליזאַציע, איז דערגאַנגען צום גלגול פון אַ ניגון. און דאָ האָט באָדלער געלאָזט**

פּאַלן די מאַסקע. אין דער קונסט איז ער געווען אַליין, ד.ה. אמתדיק.

„די פרוי איז אַ באַשעפעניש, זאָגט באָדלער אין זיין הקדמה צו „די קינסטלעכע גן־עדנס”, וואָס וואַרפט אַרויף דעם גרעסטן שאָטן אָדער דאָס גרעסטע ליכט אויף אונדזערע חלומות. די פרוי איז אָפּטמאָל פאָטאַל סוגעסטיוו: זי לעבט מיט אַן אַנדער לעבן ווי איר אייגנס: זי לעבט גייסטיק אין די דמיונות וואָס זי יאָגט נאָך און וועלכע זי באַפרוכפּערט”, זי דאַרף אָבער פאַר באָדלערן זיין אומדערגרייכבאַר...

נאָך דעם דורכפאַל מיט מאַדאַם דאָברען איז ער געבליבן אַליין מיט אַ מוראדיק געפיל פון פאַרלאָזנקייט. דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעהויבן נענטער צוקוקן צו מאַדאַם דע סאַבאַטיע, וואָס האָט שוין געהאַט אַרום זיך אַ גאַנצע ריי קינסטלערס און שרייבערס. באָדלער איז געווען איינער פון אירע איינגייערס. זי איז געווען אַ זייער שיינע פרוי, וואָס דער סקולפּטאָר שלעזינגער האָט מאָדעלירט. איין קאָמפּאָזיציע האָט געהייסן „די פרוי געביסן פון אַ שלאַנג” און האָט אַרויסגערופן אַ סענסאַציע אין „סאַלאָן 1847”. באָדלער האָט אין מאַדאַם דע סאַבאַטיע דערקענט, אַז שיינקייט און גוטסקייט זענען אַלץ נאָך פאַראַן אויף דער וועלט. ער האָט אין איר געגלויבט און דאָס איז געווען וויכטיק פאַר אים. זי איז איצט פאַר אים געוואָרן „זיין מוזע”, „זיין מאַדאָנע”. זי איז געווען פאַר אים די איינציקע שטיצע, דער איינציקער אָנהאַלט אויף צו קענען ווייטער עקזיסטירן. צו איר האָט ער געשריבן זיינע שענסטע ליבע־לידער. און דער ערשטער בריוו פון 12 סעפּטעמבער 1852 לייענט זיך בערך אַזוי: „די פערזאָן פאַר וועלכער די דאָזיקע פערזן זענען קאָמפּאָנירט געוואָרן ווערט אין הכנעה געבעטן זיי נישט צו ווייזן קיינעם, צי זיי געפעלן איר אָדער צי זיי זענען איר צווידער, אָדער אפילו אויב זי געפינט זיי אינגאַנצן לעכערלעך. טיפע געפילן האָבן זייער שעמעוודיקייט און קענען נישט פאַרטראָגן זיי זאָלן פאַרגוואַלטיקט ווערן. און איז דען נישט דאָס פעלן פון אַן אונטערשריפט אַ באַווייז פון אַ טיף־פאַרוואָרצלטער שעמעוודיקייט? דער מענטש וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע שורות אין אַ צושטאַנד פון מעדיטאַציע און וועלכער ער איז אָפּטמאָל אַריינגעוואָרפן צוליב דער וויזיע פון דער פרוי וואָס איז זיין אינספּיראַציע, ליבט זי טיף נישט

זאָגנדיק איר וועגן זיין ליידנשאַפט און וועט תמיד טייער האַלטן פאַר איר די פאַרגעניגנס און זיינע געפילן".

אין יענע טעג פון אַבסאָלוטער איינזאַמקייט און עלנט איז מאַדאַם סאַבאַטיע געווען פאַר אים דער געהיימער מקור פון נחמה.

„איך בין מיד, שרייבט ער צו זיין מוטער, איך האָב ווי אַ ראָד אין קאָפּ". אָפּיום, האַשיש האָבן זייער פּעולה און אַפילו ווען ער נעמט זיי ווי אַ רפואה, ווירקן זיי אויפן מוח וואָס איז שטענדיק אין באַוועגונג, און מיט אידייען, צוזאַמענגעשטויסן פון טענדענצן, אָפטמאָל אַזוי פאַרשידן ווי ער דערציילט: „די זאַכן פון דרויסן נעמען אָן פאַמעלעך זעלטענע פאָרמען... די קלאַנגען טוען זיך איבער מיט פאַרבן און די פאַרבן אַנטהאַלטן מוזיק". און דאָך די ליידנשאַפט פון אַראָפּלאָזן זיך אין אונטערבאַוווסטזיין, אין אייגענעם תהום איז אויך דער סאַמע צענטער פון דער ראָמאַנטיק. דאָס אומגעווינטלעכע פון באָדלערס אינעווייניקסטער איבערלעבונג האָט אים געצווונגען „זיך צו באַגעגענען מיט זיך אַליין..." איז ער דעריבער קראַנק און זעעווידיק. די טיפקייטן פונעם אונטערבאַוווסטזיין זענען אומברחמנותדיק גרויזאַם און דאָרט אַנטפּלעקט ער דאָס בייזע. אָט דאָ איז דער אמתער יסוד פון וואָגנען עס ווירקט זיין קריטישער זין.

## הימען

צו דער זייער טייערער, דער זייער שיינער\
וואָס האָט מיין האַרץ מיט ליכט דערהעלט\
דעם מלאך, דעם אידעאַל פון אַלע חנען\
אומשטערבלעכן גרוס פון דער וועלט.

זי שפּרייט זיך איבער מיין לעבן\
ווי די לופט מיט זאַלץ אימפּרעגנירט,\
מיין נשמה אין הונגעריקן שטרעבן\
אינעם אַצינד די אייביקייט שפּירט.

קריגל ריינער פול מיט פאַרפיומען,
אין דער לופט פון פאַרבאָרגענעם חדר
אַנטקעגן דער נאַכט די בשמים
בלחש רויכערן כסדר.

וויאַזוי דיר באמת דערקלערן
דו ליבע, דו ציכטיקע, ריינע
פון מאשוס דעם זאַפטיקן קערן
וואָס גערט די אייביקייט מיינע.

צו דער זייער טייערער, דער זייער שיינער
וואָס איז מיין פרייד און מיין געזונט
דעם מלאך פול אייביקע חנען,
מיין גרוס אין אומשטערבלעכן בונד.

פינף יאָר האָט ער פאַרשיט מאַדאַם דע סאַבאַטיע, וואָס אירע נאָענטע האָבן זי גערופן „די פרעזידענטין", — מיט ליבע־לידער און ליבע־בריוו. געטאָן האָט ער עס אַנאָנים. מיטן דערשיינען פון „די בלומען פון בייז", האָט דער סוד געמוזט אויפגעדעקט ווערן. מאַדאַם דע סאַבאַטיע איז גרייט געווען צו זיין גליקלעך מיט באָדלערן. אין דערזעלבער מאָס האָט באָדלער זיך דערשראָקן. דער פּלאַטאָנישער חלום האָט געהאַלטן אין פאַרשווינדן. און ווען מאַדאַם דע סאַבאַטיע פרעגט אים אָפן פאַרוואָס ער אַנטלויפט פון אירע צערטלעכקייטן, ענטפערט ער טראַציק: „נעכטן ביסטו נאָך געווען אַ געטין, היינט ביסטו נאָר אַ פרוי..."

דאָס דאָזיקע אַנטלויפן קען האָבן פאַרשידענע ראַציאָנעלע טעמים, וואָס מיר וועלן נישט פּרווון אַפילו אויפצוקלערן. מען האָט וועגן דעם נישט ווייניק ספּעקולירט און מיר וועלן דאָס איבערלאָזן צו די מפרשים וואָס שטייען אַזוי גערן צוקאָפּנס...

„פאַר מיר, אויב איך וואָלט געוואָרן פאַרבעטן צו רעפּרעזענטירן די ליבע, דאַכט זיך מיר אַז איך וואָלט זי געמאָלן אין דער פאָרם פון

אַ משוגענעם פערד, וואָס שלינגט איין זיין בעל־הבית אָדער גיכער פון אַ דעמאָן מיט רינגעון אַרום די אויגן פון אויסגעלאַזנקייט, שלאָפלאָזיקייט, שלעפנדיק זיך ווי אַ געשפּענסט, אָדער ווי אַ געפאַנגענער וואָס שלעפּט זיינע קלינגענדיקע קייטן ביי זיינע קנעכל און טרייסלט אויף מיט איין האַנט אַ פלעשל מיט סם און מיט דער אַנדערער, אַ פאַרגיפטעטע שווערד פון פאַרברעכנס...״ בולטער האָט מען נישט געקענט אויסדריקן דעם פחד וואָס באָדלער האָט געפילט פאַר אַ נייער פאַרבינדונג. ביאָגראַפן און היסטאָריקער האָבן געפּרוווט אויסטייטשן אויף פאַרשידענע אופנים דאָס דאָזיקע אויסמיידן פון אַ נייער פאַרבינדונג. פאַר אונדז זעט אויס אויטענטיש דאָס, וואָס דער פּאָעט אַליין האָט דערצו צו זאָגן אין „סאַלאָן 1859״. וואָלטן מיר נישט געוווּסט פון די פּלאָנטערן און קאָמפּלעקסן, וואָס זענען גורם צו אַזאַ מין קאַריקאַטור פון מענטשלעכע באַציִונגען, וואָלטן מיר נישט געוווּסט ווי ערנסט דער דיבוק האָט אין אים געלעבט, וואָלטן מיר זיך פון אַזאַ פאַרזעעניש אָפּגעווענדט מיט ביטול. ווייסן מיר אָבער, אַז דאָס איז איינע פון די קירכלעכע קאָנצעפּציעס צו באַטראַכטן די פרוי פאַר מינדערווערטיק, פאַר דעם שליח פון טייוול וכדומה... פאַר באָדלערן, פאַר וועלכן יעדע תורה איז געווען ערנסט (ער האָט בכלל נישט געקאָנט זיין אַנדערש ווי ערנסט), אויב אַפילו זיין גלויבן איז געווען אַ פאַרשטעלטער און אויב ער האָט נישט אין דער דערזעלבער צייט נהנה געווען פון אַלע תאוות, פון אַלע זינד... דער עולה־רגל וויל גיין ביז צום סוף, ביז אַהין פון וואַנען עס איז נישטאָ קיין צוריק. ביז צום גרונט פון אומבאַקאַנטן, כדי צו אַנטפּלעקן דאָס נייע... די פּאָעזיע פון ליידנשאַפט קומט פון שכרות פון האַרץ, די פון אמת איז די שפּייז פון דער פאַר־נונפט. דאָס האַרץ, דאָס געפיל איז דאָס צענטראַלע. באָדלער אָבער דער־גייט צום דערקענען, אַז דער אינטעלעקט האָט אַ חלק אין דער שאַפונג פון פּאָעט. „דער דידאַקטיציזם באַשטייט אין צוקאָווען די פּאָעמע צו דער ערד, צו פּראָזע, צו פיקסירן אונדזער אינטעלעקטועלע אויפמערק־זאַמקייט און אויסצומיידן די דאָזיקע דערהויבונג פון דער נשמה, די דאָזיקע מענטשלעכע שטרעבונג, אַנטקעגן אַ העכערער שיינקייט, וואָס דאַרף זיין דער ציל און דער פּרינציפּ פון דער פּאָעזיע״.

מלכה לאָקער

## דע פּראָפונדיס קלאַמאַווי

דיין רחמים בעט איך, איינציקע וואָס איך ליב,
טיף פון טונקעלן תהום ווו עס געפינט זיך מיין האַרץ
פון טונקלען האָריזאָנט, בלייערן, טריב
פחדים און חלול השם, דאָרט שווימען, נאַכטיק און שוואַרץ.

אָן וואַרעמקייט אַ זון חדשים זעקס שוועבט
און זעקס אַנדערע מיט נאַכט באַדעקט די ערד
דאָרט איז אַ לאַנד נאַקעטער ווי פּאָלאַרע נאַכט
קיין חיות ניט און ניט קיין טייכן, און ניט קיין גרין וואָס לאַכט.

ניט פאַראַן קיין אימה אין דער וועלט, מוראדיקער פון אַ זון,
אין אייז און קעלט, און די נאַכט אימענז ווי די ערבוביה קוועלט
די בייזעסטע חיות בין איך מקנא וואָס קענען זיך וואַרפן אין
נאַרישן שלאָף,
צעשויבערט אַזוי די צייט וואָס פאַרגייט אין אין סוף.

**שווער צו גלויבן, אַז זיין ביטול צו פּרויען איז געזעסן אַזוי טיף ווי ער האָט דאָס געוואָלט מאַכן גלויבן אין זיינע סאַרקאַסטישע באַמערקונגען.**

**אין פּעריאָד פון דער גאָלדענער יוגנט שרייבט ער „די נבלה". אויף אַ שפּאַציר, ווען די געליבטע מיינט זינלעכע לוסט, מיינט שיינקייט, אינספּיראַציע גראָד דעמאָלט דערמאָנט ער זיך אין סוף כל אדם, אין טרויעריקן סך הכל, און גיט אים זיין אומברחמנותדיקן אויסדרוק. אוז**

צי קומסטו פון הימל, צי קומסטו פון גיהנום,
ניט וויכטיק, אָ שיינקייט, מאָנסטער־קינד ענאָרם
דיין שמייכל וואָס שרעקט, דיינע ברעמען
וואָס ווייזן בכלל ניט פון זיך שעמען.

**מיטן טעם פון חלל, ווייזט אויס, אַז ער האָט פאַרגעסן די מאָדע און זינגט נאָר דעם יאוש...**

# מעטאַמאָרפאָזן פון חלום

די סובלימאַציע פון רעאַליזם עפנט די טויערן פון חלום. די פּאָעזיע צעשטערט דעם נאַטירלעכן אָביעקט, דערמיט וואָס ער ווערט פון איר לגמרי עקספּלאָאַטירט. אויף דעם אופן דערגייט דער אָביעקט צו אַ מעטאַמאָרפאָז וואָס איז אַבסאָלוט ניי און העכער. אין „די נבילה״ (La Charogne) דערגייט באָדלער צו אַ רעאַליטעט, וואָס מען קען בלויז זען מיטן אינערלעכן אויג, וואָס איז פאַרבאָרגן. דאָס וואָס באַזירט זיך אויפן אַבסאָלוטן וויסן איז פאַרן פּאָעט נאָר אַ מדרגה. דאָס איז פאַרן קינסטלער נאָר דער אויסגאַנג־פּונקט פון וועלכן ער דאַרף דערגיין צום אינערלעכן זען.

עס איז מוראדיק שווער זיך פונאַנדערצוקלייבן אין דער דערשיינונג פון חלום און אין די פאַרשידענע שולן און אויסטייטשונגען. מיר האָבן זיך מיט דעם באריכות פאַרנומען אין בוך „פּני הרומנטיקה״. פון זינט רוסאָס „טרוימעריי״ ביזן אויפקום פון סימבאָליזם האָט דער ענין דורכגעמאַכט עטלעכע מעטאַמאָרפאָזן און אויך עטלעכע אויסטייטשונגען. דהיינו: א) אַ ראָמאַנטישע, ב) אַ סוררעאַליסטישע, וואָס דעקט זיך כמעט מיט דער ערשטער, ג) אַ פּרוידישע אויסטייטשונג, וואָס קען פאַרגליכן ווערן מיט דער פון 18־טן יאָרהונדערט, ד. ה. אַ וויסנשאַפטלעכע און ד) אַ סימבאָלישע, וואָס שטייט איצט אין צענטער פון אונדזער אינטערעס. אָט דאָ, אין אַנאַליז פון חלום ליגט דער שורש פון פּאָעטישן דערקענען, פון פּאָעטישן וויסן.

אויף דעם האָבן די סימבאָליסטן געלייגט דעם דגש. רוסאָס „טרוימעריי״, וואָס איז אַ פּאַסיווע איבערלעבונג, איז אַנטי־אינטעלעקטועל. ״די טרוימערייען פון אַן איינזאַמען וואַנדערער״, ווי עס הייסט רוסאָס בוך, די דאָזיקע „טרוימערייען״ ברענגען דעם וואָס חלומט אַריין אין אַ מצב, אין וועלכן יעדע גייסטיקע אַקטיוויטעט איז אויסגעשלאָסן. דער דאָזיקער מצב פון האַרצן איז נישט פון מוח, אַ צושטאַנד אין וועלכן דער וואָס חלומט לאָזט זיך איינגאַנצן איבער דער באַוועגונג פון דרויסן. די כוואַ־

ליעס פון „דער לעמאָנער אָזיערע" האָבן רוסאָן פּאַרוויגט אין זיין „טרוי־מעריי" און ער דערציילט: „ווען דער אָוונט האָט זיך דערנעענטערט האָב איך אַראָפּגענידערט פון די באַרג־שפּיצן פון דעם אינדזל. דאָרט האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג פון דער אָזיערע, אויף די שטיינד־לעך ערגעץ־ווו אין אַ באַהאַלטענעם ווינקל. דאָס רוישן פון די כוואַליעס און דאָס באַוועגן זיך פון וואַסער האָבן פיקסירט מיינע זינען און טרייבנ־דיק מיין נשמה אין אַ גאַנץ אַנדערן באַוועגן זיך, האָבן זיי זי אַריינ־געוואָרפן אין אַ זיסער טרוימעריי, ווו די נאַכט האָט מיך אָפט איבערראַשט און איך האָב דאָס אַפילו נישט געמערקט. דער אָפּ־ און צוגוס פון דעם דאָזיקן וואַסער, זיין שטענדיק רוישן האָט מיך אָנגעפילט, קלאַפּנדיק אָן אויפהער אין מיינע אויערן און אויגן, אַ זאַך וואָס האָט גורם געווען דורך דער אינטענסיווער באַוועגונג אויסצולעשן מיין חלום און וואָס האָט מיך געמאַכט פילן מיט פאַרגעניגן מיין עקזיסטענץ. איך האָב זיך אַפילו נישט גענומען די מי צו דענקען..."

אָט דאָ געפינען מיר זיך אין ראָמאַנטישן שטראָם, אין דער ראָ־מאַנטישער חלום־אויסטייטשונג וואָס דערמאָנט אָן לודוויג טיקס און וואַקענראָדערס מוזיקאַלישע וואַנדערונגען און נאָוואַליסעס צוריק־וואַנ־דערונג צו די וואַסער גן־עדנס, די דייטש־ראָמאַנטישע איבערלעבונג פון חלום און דאָס אויסנוצן זי פאַר דער טעאָריע פון זיין עסטעטיק.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון רוסאָס חלום־איבערלעבונג און דער־גאַנגען צו די דייטשן. „וואָס מער עס בייט זיך, אַלץ מער בלייבט עס דאָסזעלבע".

און אָט דאָ אין סאַמע ראָמאַנטישן צענטער ווירקט באָדלערס אינ־טעלעקט. אָט דאָ ווערט דער חלום, קינסטלעך צי אַנדערש, גענומען אונטער באָדלערס אינטעלעקטועלן פאַרגרעסערונגס־גלאָז, אַנאַליטיש, פּרע־ציז, סימבאָליסטיש. אפשר איז דאָס אָן אויפגאַבע פאַר פּסיכאָ־אַנאַליטיקער, געפינען דעם צוזאַמענהאַנג פון רוסאָס אַוועקשטעלן די חלום־איבערלע־בונג און בערגסאָנס אויסטייטשונג פון דער אינטואיציע. אין בערגסאָנס אינטואיציע זאָגט א. ג. לעהמאַן אין זיין ענגלישן בוך „די סימבאָליס־

טישע עסטעטיק אין פראַנקרייך״ — און אין רוסאָס טרוימעריי דאַרף מען בעיקר זען אַ פּרוּוו צו דעפינירן אַ גייסטיקן צושטאַנד פון וועלכן יעטוועדע אינטעלעקטועלע אַקטיוויטעט איז אויסגעשלאָסן. דאָס איז אַ צו־שטאַנד, וואָס באַשטייט נישט פון שפּראַך, פאָרמען און אַנדערע אַזעלכע פּראָדוקטן ד. ה. פון אַ בכיוונדיקער אַקטיוויטעט, — אַ באַוווסטזיין, וואָס געניסט פון אַלע היפּנאָטישע מעלות פון אַ פּאַסיוויטעט און פון די באַגלייטנדיקע חסרונות, דהיינו: קאָמפּלעטע מענטאַלע פּאַסיוויטעט, ווו באַוווסטזיין וואָלט נישט געקענט אַריינקומען.

...אויב עס איז אמת, אַז קיין שום באַוווסטזיניקע אַקטיוויטעט פון ווילן האָט נישט קיין שייכות צו טרוימעריי (אָדער אינטואיציע, לויט בערגסאָנען, ווייל בערגסאָן דעפינירט די אינטואיציע ווי עפּעס וואָס דאַרף דערגרייכט ווערן דורך דעם, וואָס מען שליסט אויס אַלע אינטע־לעקטועלע אַקטן), דאַן קען מען אָננעמען פאַר ריכטיק, אַז קונסט ווי די רעפּרעזענטאַציע פון אונדזער אינעווייניקסטער פּאַסיווער רעאַקציע צו דער וועלט אַרום אונדז וועט ליידן פונעם פאַרנעמען זיך מיט דער טרוימעריי (אָדער מיט דער אינטואיציע). דאָס איז עס, מיינט דער אויבן־דערמאָנטער מחבר, וואָס אַנדרע ברעטאָן פּרוּווט אונדז מסביר זיין אין זיין סורעאַליסטישן מאַניפעסט. איך גיב מיר געווי אָפּ אַ רעכענונג, אַז איך זאָג צו פיל, אָבער איך זאָג אויך צו ווייניק וועגן אַ פּראָבלעם בנוגע וועלכן רוסאָ אין 18־טן און בערגסאָן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן געהאַט די זעלבע מיינונג, הגם זיי האָבן דעם קינד געגעבן אַנדערע נעמען.

נישט אַזוי באָדלער און זשעראַר דע נערוואַל, וואָס האָט זיך נישט אַרומגעטריבן אין די באָדלערישע „קינסטלעכע גן־עדנס״, נאָר אין גיהנום פון זיין אייגענער סכיזאָפרעניע. נערוואַל האָט אין קלאָרע מאָמענטן, צווישן די אָנפאַלן, געפּרוּווט באַריכטן ווי אַזוי ער האָט זיין חלום דיריגירט, אָנשטאָט אים סתם איבערצולעבן. מיט אַן אומגעהייערער אָנשטרענגונג פון ווילן האָט ער זיך דורכגעראַנגלט פון אונטער־באַוווסטזיין צום באַ־וווסטזיין, צו שאַפן „אוירעליא״, צו שטיין איבערן חלום, נישט זיין באַהערשט פון אים, נאָר זיין בכוח אים צו דיריגירן. באַצווינגען די „מיסטישע טויערן״, דאָס איז געווען דער סך הכל פון זיין לעבן. אויף

דעם אופן דערגייט מען צו ליבע פון לעגענדאַרע פרויען, העלענאַ, אווי־רעליאַ, איזיס אַפילו. אין זיין איבערזעצונג פון געטעס „פאוסט״ שטעלט ער דעם העלענע־עפּיזאָד אין צענטער.

„און אויב די געשעעניש וואָס טרעפט אייך, זאָגט דע נערוואַל, פאַרשטעלט אייך דעם וועג פון חרטה? און אויב דער טויער פון דערלייזונג איז פאַרזיגלט פאַר אייך? און די באַגעגעניש קומט פאַר אין אַ מאָמענט פון פיבער, פון משוגעת?״ דע נערוואַל ראַנגלט זיך מיט די כוחות, וואָס פאַרשטעלן אים דעם וועג און — איז מנצח. אויסבויענדיק זיין לעבן צו אַ מיטאָס, ברעכט זשעראַר דע נערוואַל איין „די פאַרזיגלטע טויערן״.

צי האָט באָדלער אין זיינע „קינסטלעכע גן־עדנס״ דערפילט דעם אין־סוף, נאָך וועלכן ער האָט געבענקט זיין גאַנץ לעבן? דאָס לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט פעסטשטעלן. אָבער צו זיין נאַטירלעכער נטיה צו מוסר איז נאָך צוגעקומען דער פּחד „פּראָ דאָמאָ סואָ״, פאַר זיך אַליין, די מורא צו פאַרלירן די קלאָרקייט פון אָבסערוואַציע. באָדלער — און דאָ אַנטפּלעקט זיך ווידער די ליניע וואָס ער וועט נעמען — הגם, דער האַשיש, זאָגט ער, איז גורם צו שטייגערן די מענטאַליטעט, לאָזט ער, פון דער אַנדערער זייט, נישט צו קיין כוח צו באַטראַכטונג, צו ישוב הדעת, צו אַרבעט אָן איבעררייס. ער פאַרלאָזט זיך נישט אויף קיין נסים פון אינספּיראַציע אַליין — פאַר באָדלערן איז שרייבן פּאָעמעס, האַרטע, קאָנצענטרירטע אַרבעט. דאָ גייט ער זיך לגמרי פונאַנדער מיט דער ראָמאַנטישער אויפפאַסונג וועגן דער אומפעלבאַרקייט פון אינספּיראַציע, און מיט דער סוררעאַליסטישער, וואָס דערגייט ביז צו אויטאָמאַטיזם.

„מען דאַרף וועלן און וויסן ווי אַזוי צו חלומען... Il faut vouloir et savoir rêver. און ווייל ער האָט געוווּסט ווי אַזוי צו חלומען, איז ער געוועזן, ווי ער זאָגט דאָס אין „דער חלום פון פּאַריז״: „דער אַרכיטעקט פון זיינע פאַנטאַסטישע וועלטן״. ער איז געוועזן דער מייסטער אַרויסצוציבערן פון אַ פאַרגאַנגענער איבערלעבונג דאָס עיקרדיקע און דורך האַרטער אַרבעט צו דערגיין צו דער קריסטאַליזירונג פונעם חלום. נישט דורכמאַכן די איבערלעבונג, נאָר הערשן איבער איר. דער דמיון דאָמינירט, דער דמיון באַהערשט די אידעע, דער דמיון פאָרמולירט זי.

אַזוי האַלט אויך דע נערוואַל, אַז די קונסט נויטיקט זיך תמיד אין אַ פּרעציזער אַרכיטעקטור, אין אַבסאָלוטע פאָרמען.

דאָס מיינט בכן, אַז דער, וואָס חלומט, מוז זיך אַריינמישן אינעם פּראָצעס פון חלום, שלאָף אָדער האַלב־שלאָף. דאָס מיינט, אַז דער קינסט־לער איז מחויב צו אָרגאַניזירן דאָס אָפּט כאַאָטישע פון זיין איבערלעבונג, פון זיין וויזיע, לויט זיין עסטעטישער אויפפאַסונג, לויט זיין עסטעטישער דיסציפּלין.

סיי פּאָעזיע, סיי קינסטלערישע ווערק פון אַן אַנדערן מין, פאַלן אינ־גאַנצן אַרויס פונעם קריטעריום פון סאָציאַלער מאָראַל, פון אמת, און האָבן צו טאָן נאָר מיטן אַבסאָלוט שיינעם. דאָס זענען טראַנסצענדענטאַלע צילן, אָפּגעטיילט פון דער נאַטור, ווייל זיי באַזיצן זייער אייגענע רעאַלי־טעט. דאָס איז דער סורנאַטוראַליזם, וואָס דער נאָמען זיינער שטאַמט, לויט באָדלערן, פון היינריך היינען און באָדלער באַנוצט זיך מיט אים כדי צו באַצייכענען אַ ריי ווערטן דורך וועלכע מען קען אָנווייזן אויף דער אויסערגעוויינטלעכער אַנטוויקלונג פון דער קונסט.

דאָס שטודירן די נאַטור, זאָגט באָדלער אין „סאַלאָן 1846", פירט דעריבער אָפּטמאָל צו רעזולטאַטן, גאָנץ פאַרשידענע פון דער נאַטור. אָבער דאָס דאָזיקע שטודירן און בכלל יעדעס שטודירן אין דער מאָלעריי, טאָר נישט פאַרקלענערן די פּרימיטיווע קראַפט, וואָס פירט דעם קינסט־לער, יענע קראַפט, וואָס דערהויבט זיך פון דער טיפקייט פון זיין גייסט צו שלמות, וואָס צו איר דאַרף די קונסט דערגרייכן דורכן דמיון. און דער דמיון פאַרלאַנגט אַ ריינקייט וואָס די שולעס און די ווירטואָזיטעט זענען אירע ערגסטע שונאים. מען דאַרף זיך אומקערן צו די קוואַלן פון דער קונסט. די קונסט, כדי צו פּערפעקציאָנירן, קערט זיך אום צו איר קינד־הייט. אַ קינסטלער, וואָס איז נישט געגערט דורך דער ספּאָנטאַניטעט פון זיין דמיון און גיט זיך אינגאַנצן אָפּ צו דער שול און צו דער טעכניק, איז סטעריל. אָבער די טעכניק מוז באַהערשט ווערן...

מיר האָבן שוין אויבן ציטירט באָדלערס וואָרט, אַז דע־מעסטר און עדגאַר פּאָ „האָבן אים געלערנט דענקען". מיר זענען נישט מסכים נישט מיט די לערערס און נישט מיט זייערע תורות. מאַרק סעגען פרעגט מיט

רעכט, צי איז דאָס נוגע דעם קינסטלער צי דעם דענקער דע־מעסטר. לויט מאַרק סעגען האַנדלט זיך דאָ וועגן דער פראַגע פון באָדלערס רעליגיע. מיר ווייסן, אַז באָדלער האָט געהאַט מיסטישע סענטימענטן. ס'איז אָנצו־נעמען, אַז דע־מעסטר האָט אים מער באַאיינפלוסט אין פילאָזאָפישן ווי אין רעליגיעזן זין. אָבער רעליגיע האָט אפשר געררייצט באָדלערס סענ־סיביליטעט. ער איז געווען אַ מיסטיקער פון גייסט, און מען האָט אים, אפשר מיט רעכט, אָנגערופן „אָבערגלויבערישער אַטעיסט". און הגם באָדלער איז געווען געפּילמעסיק צוגעצויגן צו רעליגיע, האָט אַפילו דע־מעסטר נישט באַוויזן צו מאַכן פון אים אַ פּהומען קריסט. אין זיינע קריי־טיקן זענען פאַראַן אומקלאָרע, אומבאַשטימטע אָנדייטונגען, אַז „די רע־ליגיע איז די העכסטע פיקציע פונעם מענטשלעכן גייסט" — אַ וואָרט, וואָס איז פון דעסטוועגן עפּעס מרמז — נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס באָדלער זוכט דאָס צו מילדערן דורך זיין באַמערקונג: „איך רעד דאָ ווי עס וואָלט גערעדט אַן אַטעיסטישער פּראָפעסאָר פון די שיינע קונסטן און פון דעם דאַרף גאָרנישט אַרויסגעדרונגען ווערן בנוגע מיין גלויבן"...

# קינסטלעכע גן־עדנס

צו א.י.ג.פ.

„מיין טייערע פריינדין, דער שכל הישר זאָגט אונדז, אַז די ערדישע זאַכן עקזיסטירן כמעט נישט און די אמתע רעאַליטעט עקזיסטירט נאָר אין חלומות. כדי צו פאַרדייען דאָס נאַטירלעכע גליק, דאַרף מען פריער האָבן דעם מוט עס אַראָפּצושלינגען. און די, וואָס וואָלטן אפשר פאַרדינט דאָס גליק זענען דווקא יענע אויף וועלכע דאָס גליק, ווי עס באַגרייפן עס די מענטשן, ווירקט תמיד ווי אַ ברעכמיטל.

פאַר קליינלעכע גייסטער וועט דאָס זיין מאָדנע און אפשר אומפאַר־שעמט, אַז אַ בוך איבער קינסטלעכע תאוות זאָל זיין געווידמעט אַ פרוי, וואָס איז דער געוויינטלעכער קוואַל פון נאַטירלעכע תאוות. פון דעסטוועגן איז קלאָר, אַז אַזוי ווי די נאַטירלעכע וועלט דרינגט אַריין אין דער גייס־טיקער און דינט איר ווי מיסט און העלפט אויף אַזאַ אופן שאַפן דעם אומדעפינירבאַרן אַמאַלגאַם, וואָס מיר רופן אָן אונדזער „אינדיווידו־אַליטעט", איז „די פרוי" די באַשעפעניש וואָס וואַרפט דעם גרעסטן שאָטן און דאָס גרעסטע ליכט אויף אונדזערע חלומות. די פרוי איז פאַטאַל סוגעסטיוו: זי לעבט אַן אַנדער לעבן ווי איר אייגנס און לעבט גייסטיק אין די דמיונות, וואָס זי יאָגט נאָך און באַפרוכפּערט.

ס'איז אגב נישט וויכטיק צו פאַרשטיין די סיבה פון דער דאָזיקער ווידמונג. צי איז עס נויטווענדיק פאַר דער צופרידנקייט פונעם מחבר, אַז אַ בוך זאָל ווערן פאַרשטאַנען מחוץ פון דעם אָדער דער פאַר וועמען עס איז פאַרפאַסט געוואָרן? און כדי אַלץ צום סוף צו זאָגן, נישט קוקנדיק דערויף וואָס עס איז אים אומבאַדינגט נויטווענדיק, אַז עס זאָל זיין גע־שריבן פאַר עמעצן, האָב איך, אויף ווי ווייט עס באַטרעפט מיך, אַזוי ווייניק געשמאַק פאַר דער לעבעדיקער וועלט, אַזוי ווי יענע עמפּפינד־לעכע פרויען און ליידיק־גייערס, וואָס שיקן, זאָגט מען, מיט דער פּאָסט זייערע סודות צו אויסגעטראַכטע פריינד.

מיט חשק וואָלט איך נאָר געשריבן פאַר די טויטע, אָבער די, וועמען איך ווידמע איר דאָס קליינע בוך, איז נישט קיין טויטע. איך ווידמע עס איינער, וואָס כאָטש זי איז קראַנק, איז זי תמיד אַקטיוו און לעבעדיק אין מיר און וואָס קערט איצט אירע בליקן צום הימל, וואָס איז דאָס אָרט פון אַלע איבערבייטן. ווייל פונקט אַזוי ווי דאָס מענטשלעכע ווען שעפּט כוח פון אַ שרעקלעכן סם, האָט עס דעם זכות אַרויסצוציען נייע און סובטעלע פאַרגעניגנס אַפילו פון ווייטאָג, פון קאַטאַסטראָפּע און פון פאַטאַליטעט.

דו וועסט זען אין דעם בילד אַן איינזאַמען און טונקעלן וואַנדערער, וואָס איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין באַוועגטן שטראָם פון המון און שיקט זיין האַרץ און זיין געדאַנק צו אַ ווייטער עלעקטרא, וועלכע פלעגט אַמאָל אָפּווישן זיין שטערן געבאָדן אין שוויס, דערפרישנדיק זיינע ווי פאַרמעט טרוקענע ליפּן. דו וועסט דערקענען די דאַנקבאַרקייט פון אַן אַנדערן אָרעסטעס, וועמענס קאָשמאַרן דו האָסט אָפט איבערגעוואַכט און ביי וועמען דו האָסט צעשפּרייט מיט אַ לייכטער און מוטערלעכער האַנט דעם שרעקלעכן שלאָף. — שאַרל באָדלער

און איצט לאָזט ער זיך אַרייַן אין די „קינסטלעכע גן־עדנס".

מיר ברענגען דאָ די דאָזיקע פּאָעמע ווייל זי איז אַדרעסירט צו דער פרוי מיט די זעלבע ראשי תיבות: א.י.ג.פּ.

## ל׳העאוטאַנטימאָרומענאָס

איך וועל דיך שלאָגן אָן כעס,
אָן שנאה, ווי אַ קצב,
ווי משה דעם שטיין
און פון דיין ברעם וועל איך לאָזן

בכדי אָנצוטרינקען מיין מדבר
אַרויסשפּריצן די וואַסערן פון לייד.
מיין גלוסט פון האָפנונג אָנגעשוואָלן,

**שאַרל באָדלער**

אין ביטערן נאַס פון טרערן באַנג
וועט שווימען איבער דיינע געזאַלצענע טרערן

ווי אַ שיף וואָס גייט אַוועק אין ווייטן,
דיין טייער כליפּען וועט מיין האַרץ
באַרוישן און וועט אָפּקלינגען,
פּונקט ווי אַ פּויק וואָס קלאַפּט אין טאַקט.

צי בין איך נישט קיין פאַלשער אַקאָרד
אין דער געטלעכער סימפאָניע?
צוליב דער פרעסערישער איראָניע
וואָס שאָקלט מיך און בייסט מיך איין.

זי איז אין מיין קול די שרייערין!
דאָס גאַנצע בלוט מיינס איז עס, אָט דער שוואַרצער סם,
איך בין דער פינצטער־שפּיגל
אין וועלכן ס׳טוט זיך די מכשפה שפּיגלען

איך בין די וווּנד און בין דער חלף
איך בין דער פּאַטש און בין דער פּנים
די גלידער בין איך און בין דאָס ראָד
איך בין דער קרבן און בין דער רוצח

איך בין פון מיין האַרץ דער וואַמפּיר,
איינער פון די גרויסע פאַרלאָזענע,
פון די פאַרמשפּטע צום אייביקן לאַכן
און וואָס קענען מער קיין שמייכל נישט טאָן.

**די מפרשים האָבן נישט אַרויסגעפונען ווער עס איז געווען די דאָזיקע פרוי, וואָס ער ווידמעט איר „די קינסטלעכע גן־עדנס" און די פּאָעמע מיט**

די זעלבע ראשי תיבות. מיר לייענען אַרויס די טיפע ליבע, די טיפע טראַגיק וואָס הויכט פון יעדער שורה. דער סוד איז אָפּגעהיט, ווי דער פּאָעט האָט דאָס באַשיינפּערלעך געוואָלט. קיין ביטול צו דער פּרוי האָבן מיר אויך דאָ נישט געפונען.

„קינסטלעכע גן־עדנס" בלשון סגינהור ? זיינע אייגענע, די איבערגעלעבטע, זענען אים נישט גענוג געווען. די וואָס ער האָט געזען, אויך נישט. זיינע איבערזעצונגען פון דע קווינסיי און פון פּאָ זענען די עדות פאַר דער איבערגעגעבנקייט מיט וועלכער ער דערפילט די דאָזיקע שווערע אויפגאַבע. זיי זענען זיכער אינטערעסאַנט פאַרן פּסיכיאַטאָר. אונדז פירט עס נאָר אַריין אין די אָפּגרונטן פון באָדלערס פּערצעפּציע. באָדלערס אריינדרינגען אין די ליידן פון יעדן יחיד, סיי אין די פינצטערע הינטער־געסלעך פון פּאַריז, סיי אין די הויכע פּאַלאַצן פון די אַנגלאָזאַקסישע גייסטער, ווי עס זענען דע קווינסיי און פּאָ, האָט, פאַרשטייט זיך, זיין גרויסע באַדייטונג.

# ווייַן

אָבער באָדלער הויבט אָן אויף זיין אייגענעם חשבון טרינקען וויין. און ציטירנדיק פּאָרויס ע.ט.א. האָפמאַן, וואָס רעקאָמענדירט אין זיין קרייזלעריאַנאַ: „דער געוויסנהאַפטער מוזיקער דאַרף זיך באַנוצן מיט שאַמפּאַניער כדי צו קאָמפּאָנירן אַ קאָמישע אָפּערע. דאָרט וועט ער געפינען די שוימענדיקע לייכטע פריילעכקייט וואָס דער זשאַנער דאַרף אויס־דריקן. די רעליגיעזע מוזיק פאַרלאַנגט וויין פונעם ריין אָדער פון דער יוראַ. אַזוי ווי תמיד אין טיפע אידעען, איז אין דעם פאַראַן אַ פאַרשיכורנ־דיקע ביטערקייט. אָבער העראָישע מוזיק קען זיך נישט באַגיין אָן בור־גאָנדער. פאַראַן אין אים אַן ערנסטע פוגע מיט אַ ניצוץ פון פּאַטריאָטיזם...״ די דאָזיקע אומפּאַרטייאישקייט פאַרדינט דעם גרעסטן כבוד פאַר אַ דייטש... זאָגט באָדלער:

„טיפע פריידן פון וויין, ווער האָט אייך נישט געקענט? ווער האָט נישט געהאַט געוויסנסביסן צו באַרויקן, זכרונות אויפצוּוועקן, אַ וויטאָג צו דערטרינקען, אַ שפּאַנישן שלאָס אויפצובויען? אַלע האָבן דיך גערופן, מיסטעריעזער גאָט, באַהאַלטן אין די באַהעלטענישן פון וויין־שטאָק... דער וויין איז געגליכן צום מענטשן. מען וועט קיינמאָל נישט ביז צו וועלכן פּונקט מען דאַרף אים אָפּשאַצן אָדער פאַראַכטן, אים ליב האָבן אָדער פיינט האָבן, אָדער צו וואָס פאַר אַ סובלימע אָדער זינדיקע מעשים ער קען דערפירן. לאָמיר, דעריבער, נישט זיין גרויזאַם צו אים, ווי מיר זענען נישט גרויזאַם צו אונדז אַליין. לאָמיר אים באַהאַנדלען ווי אונ־דזער גלייכן...״

„פאַראַן, זאָגט באָדלער, אַן אומציילִיקע מאַסע מענטשן איבערן ערד־קיילעך, וואָס דער שלאָף איז נישט גענוג איינשלעפערן זייערע ליידן. דער וויין קאָמפּאָנירט פאַר זיי די געזאַנגען און פּאָעמעס... אויב דער וויין וואָלט פאַרשוואונדן פון דער מענטשלעכער פּראָדוקציע, וואָלט דאָס

גורם געווען צו אַ חלל, אַן אָפּוועזנהייט, אַ מאַנגל פאַר דעם געזונט און אינטעלעקט פונעם פלאַנעט, שרעקלעכער פון אַלע עקסצעסן און אָפּוויי־כונגען וואָס מען מאַכט דעם ווײַן פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך... דער מענטש וואָס טרינקט בלויז וואָסער האָט צו פאַרבאַהאַלטן אַ סוד פאַר זײַן גלײַכן..."

„... דער רבונו של עולם אַנטוישט תמיד ווען מען דאַרף אים". וועגן דעם שטן אָבער דערציילט ער פלאָבערן: „איך האָב באַמערקט, אַז פון תמיד אָן איז מיר געווען אוממעגלעך זיך אָפּצוגעבן אַ דין־וחשבון פון געוויסע מעשים אָדער מחשבות פונעם מענטשן, אָן דער אינטערווענץ פון אַ בייזן אויסערלעכן כוח..." און אַן אַנדער מאָל אין „מײַן אויפגעדעקט האַרץ", זאָגט ער: „מתפלל זײַן, אָן אויפהער זיך אַוועקגעבן, זיך אויס־געבן, אויב נישט אין פאַרבאָרגנסטן איך, האָפן אויף רחמים, אויף חסד. אָן רחמים בין איך בלויז אַ צימבל וואָס קלינגט. מײַנע דערנידעריקונגען זענען נאָר געווען חסדים פון גאָט".

די חסדים זענען געווען די גרויסע און קליינע גיהנומס, וואָס שפּילן זיך אָפּ טאָג און נאַכט אין די גרויסע און קליינע גאַסן פון פּאַריז, דער גרויסער ים פון לייד און פרייד וואָס האָט פאַרפּלייצט זײַן מוח, די קאָמ־פּלעקסן פון די דערשײַנונגען וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אים, פון וועלכע ער האָט נישט געקענט פּטור ווערן ביז זיי זענען דערגאַנגען צו זײַן פּאָעטיש באַוווסטזײַן, ביז די דאָזיקע דערשײַנונגען מיט וועלכע ער האָט זיך שטענדיק אידענטיפיצירט האָבן באַקומען זייער דיכטערישן תיקון אין אַן אומפּערזענלעך ליד.

און אָט איז אַ הענדלער פון אַלטע שמאַטעס, וואָס וואַלגערט זיך אַ שיכורער איבער די גאַסן.

## דער ווײַן פון אַלטוואַרג־הענדלער

אָפּטמאָל אין רויטן ליכט פון אַ לאַמטערן,
ווען עס שלאָגט דער ווינט די פלאַם,
און מאַטערט דאָס גלאָז
אין פאַרשטאָט אין אַ הינטער־גאַס,

## שאַרל באָדלער

אין לאַבירינט פון שלאָס,
ווו מענטשן שאָמען אין פערמענטן אָן מאָס.

זעט מען אַן אַלטוואַרג־הענדלער
וואָס הוידעט דעם קאָפּ
אָן אַ מויער אָנגעלענט ווי אַ פּאָעט,
ניט באַזאָרגט וועגן אַלטווארג אין פּאַק
ווי ער עפנט זיין האַרץ מיט אַ הערלעכן פּראָיעקט.

ער מוסרט מיט דרשות, דיקטירט אײדעלע געזעצן,
איז מנצח די בייזע, די געפּאַלענע הויבט ער
און דער פּירמאַמענט ווי אַ באַלעמער אויסגעהענגט,
מאַכט אים בגילופין פון מעשים טובים וואָס ער ברענגט.

יאָ, די לייט, געמאַטערט פון זייער לייד,
דורך אַרבעט געדריקט, פון עלטער געפּלאָגט
צעריסן, צעריבן פון חורבות און זינד,
וואָס דאָס גרויסע פּאַריז שפּייט אויס פון זיין גרונט.

אָט קומען די ריחות פּאַרפומירט פונעם פּאַס
געפּאָלגט פון קומפּאַנען, גרייז־גרוי פונעם סטאַזש,
די וואָנסעס, זיי הענגען ווי פּאָנען, נאָר נאָס
ווי „אַרק־דע־טריומף" מיט בלומען און מאַרש.

זיי שטעלן זיך אָפּ! אַ פייערלעכע מאַגיק,
זיי אַנטקעגן אין פּאַרשיכורטער אָרגיע
טאַמבור און פּראָטעסט, און זון און געשריי
פּאַרן פּאָלק דער נצחון, און ליבשאַפט פּאַר זיי.

עס שטראָמט אַזוי קווער אין דער מענטשהייט פּריוואַל
דורכן האַלדז פון בן־אדם זינגט ער זיין שבח

מלכה לאָקער

דער גאָלדענער ווײַן, אַ בליענדיקער פּאַקטאָל *)
רעגירט ווי אַ מלך, אַן מאָס און אַן צאָל.

דעם פּאַרדרוס צו דערטרינקען,
צו פּאַרוויגן די פּוילקייט
פון די אַלטע, פאַרשאַלטענע, וואָס שטאַרבן אין דער שטיל.
באַטראָפן פון חרטה האָט גאָט דעם שלאָף באַשאַפן,
פאַר אַ טרייסט האָט דער מענטש געבוירן דעם ווײַן,
דעם ליכטיקן זון פון זונענשײַן.

נישט נאָר וואָס דער פּאָעט אידענטיפיצירט זיך מיט דעם, אָן זײַן שולד, אַרויסגעשטויסענעם פון לעבן און פון דער געזעלשאַפט, נאָר מיר זעען ממש די נעבעכדיקע פיגור וואָס באַשײַנט דעם בולוואַר פון יעדער גרויס־שטאָט... מיר ווערן אויך פאַרכישופט פונעם גוטמוטיקן סאַרקאַזם וואָס איז ביי באָדלערן אַזוי זעלטן. מיר ווייסן, אַז סאַרקאַזם איז ביי באָד־לערן תמיד ביטער און פול מיט ביטול.

*) אַ טייך אין לידיע, וואָס פירט מיט זיך גאָלד, דאָס וואָרט ווערט באַנוצט פאַר רייכקייט בכלל.

## די פּאָעמע פון האשיש

„די זינד פונעם מענטש, אַפילו ער איז פול מיט שרעק, ווי מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, זענען דער באַווייז פון זיין פאַרלאַנג נאָכן אין־סוף. דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז זיך אָבער זייער אָפט טועה אין זיין וועג. אין אַ מעטאַפאָרישן זין קען מען זיך מיטן באַנוצן מיטן ווולגאַרן גלייכווערטל, אַז אַלע וועגן פירן קיין רוים. דאָס דאָזיקע וואָרט אָנגע־ווענדט צו דער מאָראַלישער וועלט, פירט צו דער באַלוינונג אָדער צו שטראָף, וואָס זענען ביידע צוויי פאַרשידענע פאָרמען פון דער אייביקייט. דער מענטשלעכער גייסט זעטיקט זיך איבער מיט ליידנשאַפט ביז צום איבערפלוס. אָבער דער אומגליקלעכער גייסט, וועמענס נאַטירלעכע גע־פאַלנקייט איז אַזוי גרויס ווי זיין כמעט אוממעגלעכע, פלוצעמדיקע פעי־קייט צו רחמים און צו גליענדיקע מעשים טובים, אַזוי פרוכטבאָר אין פאַראַדאָקסן, וואָס דערלויבן אים זיך צו באַנוצן מיטן בייז, מיטן איבער־פלוס וואָס גייט אַריבער דעם ברעג פון דער דאָזיקער ליידנשאַפט. דער מענטש פאַרגעסט, אַז ער שפילט זיך מיט עפּעס וואָס איז שטאַרקער פון אים. און אַז דער גייסט פון בייז, אויב מען גיט אים אַפילו נאָר איין האָר, וועט נישט לאַנג דויערן ביז ער וועט אַוועקטראָגן דעם גאַנצן קאָפּ. דער דאָזיקער האַר פון דער געזעענער נאַטור (איך מיין דעם מענטש) האָט דעריבער געוואָלט באַשאַפן דעם גן־עדן פון די נאַרקאָטיקס פון דער אַפּטייק, דורך פערמענטירנדיקע געדאַנקען, געגליכן צו יענעם משוגענעם, וואָס זעט סאָלידע מעבל און אמתדיקע גאָרטנס אין די לייוונט־געמעלן, אָדער אין בילדער מאָנטירטע אין רעמען. אין דער דאָזיקער געפאַלנקייט פונעם זין פון אין־סוף ליגט, לויט מיין מיינונג, דער יסוד פון זינדיקע עקסצעסן. דער יסוד פון דער איינזאַמער און קאָנצענטרירטער שיכרות פונעם ליטעראַט, וואָס איז געצוווּנגען צו זוכן אין אָפּיום דערלייכטערונג פאַר זיינע פיזישע שמערצן. אַנטפּלעקנדיק אויף דעם אופן אַ קוואַל פון קראַנקהאַפטע פאַרגעניגנס, מאַכט ער דערפון זיין איינציקע היגיענע און

איינציקן זין פון זיין גייסטיקן לעבן ביז ער קייקלט זיך אַראָפּ ביז צו עקלהאַפטער שיכרות אין די פּאַרשטעט, ווו דער מוח פול מיט פלאַם און גלאָריע, וואַלגערט זיך לעכערלעך אין מיסט פון ברוק...״

דער „חלום״ פון פּאַריז״ איז קענטיק געשריבן ווי אַ רעזולטאַט פון זיינע אייגענע אָבסערוואַציעס אונטער דער השפּעה פון האַשיש.

וועגן אָפּיום באַגנוגנט זיך באָדלער מיט די „ווידויים פון דע קוויג־סיי״. אָבער וועגן האַשיש רעדט ער מעשׂה מומחה פון אייגענער דערפאַ־רונג, ווו דאָס דאָזיקע היילמיטל וואָקסט, ווי עס ווערט אין פאַרשידענע לענדער צוגעגרייט און גענאָסן. די ווירקונגען זענען, לויט באָדלערן, אָפּהענגיק פונעם געניסער. ווען איינער פאַרנעמט זיך במשך פון טאָג מיט ענינים פון אַ פשוטן בשר־ודם, וועלן זיינע חלומות זיין אויף אַ מאָד־נעם אופן פאַרמישט מיט די אָביעקטן, וואָס ער האָט געזען בייטאָג, וואָס האָבן זיך אויף אַן אומדיסקרעטן אופן פאַרפיקסירט אויפן ווייסן לייוונט פון זיין זכרון. דאָס איז דער נאַטירלעכער חלום — דאָס איז דער מענטש אַליין. אָבער דער אַנדערער מין חלום! דער אַבסורדער חלום, דער נישט פאָרויסגעזעענער, וואָס איז אָן אַ שייכות אָדער פאַרבינדונג מיטן כאַראַק־טער, לעבן אָדער ליידנשאַפט פונעם שלאָפנדיקן. דעם דאָזיקן חלום רופט באָדלער אָן דער היעראָגליפישער חלום. ער שטעלט אָן שום ספק פאַר די איבערנאַטירלעכע זייט פונעם לעבן. און דווקא, ווייל ער איז אַבסורד, האָבן די פאַרצייטיקע אים אָנגערופן געטלעכער. ... דאָס איז אַ ווערטער־בוך, וואָס מען דאַרף שטודירן, אַ שפּראַך פון וועלכער נאָר חכמים קענען באַקומען דעם שליסל.

... די שיכרות פון האַשיש איז ווי אַ חלום, אַ ריזיקער חלום, דורך דער אינטענסיווקייט פון די פאַרבן און דער שנעלקייט פון די קאָנצעפּ־ציעס. אַלץ שפּילט זיך אָפּ אין דעם קלאַנג־געפיל פונעם מענטש וואָס חלומט.

... דער מענטש קען זיך נישט אויסבאַהאַלטן פאַר דער פאַטאַליטעט פון זיין טעמפּעראַמענט, מאָראַליש צי פיזיש. דער האַשיש וועט זיין אַ שפּיגל פאַר די איינדרוקן און מחשבות פונעם מענטשן, אַ פאַרגרע־סערונג־שפּיגל, אָבער דאָך אַ פשוטער שפּיגל. באָדלער דערציילט ווי

לייכט אַ מענטש לאָזט זיך אַריין אין דער דאָזיקער אַוואַנטורע. וואָס ריזיקירט מען שוין? אַביסל מידקייט צומאָרגנס. ריזיקירט מען נישט גרעסערע שטראָפן פאַר די קלענסטע פאַרגעניגנס?... איר ווייסט, אגב, אַז דער האַשיש באַשאַפט נישט נאָר די איבערטרייבונג פונעם יחיד, נאָר אויך פון די אומשטאַנדן. נישטאָ מער קיין משפּחה־יסורים, אויך נישט קיין יסורים פון ליבע. מען דאַרף זיך היטן. צומאָל אָבער קלינגט דאָס אַדורך דורכן חלום ווי אַ גלאָק און פאַרגיפטעט דאָס פאַרגעניגן. די אומרו ווערט פאַרוואַנדלט אין אַנגסט, די יסורים — אין פּייניקונגען. באָדלער דערציילט ווי אינמיטן פון זיין שיכּרות האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז פאַרבעטן צו אַן אָוונט־ברויט. נישט וועלנדיק פאַראַטן זיין אמתן צושטאַנד, האָט ער געבעטן אַן אַפּטייקער עפּעס אַ מיטל קעגן שיכּרות. „כדי אים נישט צו שטערן, בין איך געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך בין נישט קיין בעטלער און נישט קיין מערדער. זעענדיק מיין בלייך פּנים מיט די צעעפנטע גרויסע אויגן, האָט ער מיך פשוט געהייסן גיין". „פאַרשטייט גוט מיין גרויסע דער־נידעריקונג", דערציילט באָדלער מיט פשטות. „איך בין געגאַנגען צו מיין אָוונט. אָבער קיינער וועט נישט וויסן די איבער־מענטשלעכע אָנ־שטרענגונג וואָס ס׳האָט מיר געקאָסט, כדי צו דערשיינען נאָרמאַל ווי יעדער פון די געסט. איך וועל נישט פאַרגעסן יענע אולטראַ־פּאָעטישע שיכּרות, וואָס איז מיר פאַרשטערט געוואָרן צוליבן קאָנווענציאָנאַל". באָדלער ברענגט מיט זיין געוויינטלעכער גרינטלעכקייט די פאַרשידנסטע מעטאַמאָרפאָזן אין וועלכע דער האַשיש איז מסוגל אַריינצוברענגען דעם קרבן. אַלץ הענגט נאַטירלעך אָפּ פונעם כאַראַקטער און דעם פאַרמאַט פון דעם, וואָס געפינט זיך אונטער דער השפּעה פון דער נאַרקאָזע. וואָלט מען חלילה געקענט טראַכטן, אַז באָדלער רעדט דאָ ווי איינער פון די אָנהענגער פון דעם דאָזיקן גיפט? פונקט פאַרקערט! דאָס איז ווידער באָדלער, וועלכער שפּרייזט איבער די מענטשלעכע גיהנומס, דער מוסרניק, וואָס פּרווווט אויס אויפן אייגענעם חשבון די ווירקונג פון נאַר־קאָטיק און דעקט זי אויף בכדי מען זאָל זיך אַרויסנעמען אַ מוסר־השכל דערפון. עס איז דערביי גאַנץ גלייכגילטיק צי ער אַליין האָט יאָ אַריבער־

געטרעטן די פֿאַרבאָטענע שוועל, ווי אַ בויטבאַדערפטיקער, צי ער האָט געדאַרפט פֿאַרטויבן עפּעס וואָס איז אָנגעגאַנגען אין אים אַליין. די וואָ־רענונג האָט זיך גענומען פון זיין טיפן מאָראַלישן וועזן.

מיט זיין געוויינטלעכער ערלעכקייט, דערציילט באָדלער זיינע אייגענע איבערלעבונגען ביז צום קלענסטן פּרט און גיט נאָך דערביי צו אַ גאַנצע שורה פון באַרימטע עדות: קודם כל עדגאַר פּאָ, „דער אומפּאַרגלייכלע־כער פּאָעט און אומבאַשטרייטבאַרער פילאָזאָף", וואָס מען דאַרף אים תמיד ציטירן ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיסטעריעזע קראַנקהייטן פון גייסט. האָט ער דען נישט באַשריבן די טונקעלע ערלעכקייט וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן אָפּיום? ער ברענגט אויך אַנדערע עדות, וואָס רעדן פון די אויסטערלישע ווירקונגען — דאָסמאָל וועגן אָפּיום און דעם גרויסן אינטערעס פֿאַר די אויסווירקונגען און פֿאַר אַלעמען וועגן דער וועלט פון אינספּיראַציע פון פֿאַרבן און מוזיק, וואָס ווערט ארויסגערופן דורך וועלכן־נישט־איז אָביעקט, וואָס שאַפט אַ הערלעכע פּראָצעסיע פון נישט געאָרדנטע געדאַנקען, געשילדערט אויף אַ ראַפּסאָדישן אופן.

אַזוי דריקט זיך אויס, זאָגט באָדלער, דער מייסטער פון די שרעקן, דער פּרינץ פון דער מיסטעריע. „פּאַראַן, זאָגט ער, צוויי געמיינזאַמע שטריכן אין דאָזיקע צוויי נאַרקאָטיקס: אָבער האַשיש איז שרעקלעכער, הגם רויקער בעתן גענוס". אָפּיום איז אַן אומגעאָרדנטער דעמאָן און ערשט איצט קומט באָדלערס כאַראַקטעריסטיק פון מאָראַלישן שטאַנד־פּונקט. אויב עס געלינגט עמעצן זיך צו ראַטעווען פון דער דאָזיקער סכנותדיקער און פֿאַרברעכערישער תאווה, וועט ער מיר אויסקומען ווי די גבורים וואָס זענען אַנטלאָפן פון אַ קעלער פון אָרפעוס, באַזיגער פונעם גיהנום. אויב עמעצער וועט טראַכטן, אַז דאָס איז אַן איבערגעטריבענער מעטאַפֿאָר, טראַכט איך פון מיין זייט, אַז די דאָזיקע גיפטן זענען די שרעקלעכסטע און די זיכערסטע גיפטן, וועלכע דער גייסט פון די פינצטערקייטן פֿאַרמאָגט, כדי איינצונעמען און פֿאַרקנעכטן די אָרעמע מענטשהייט..."

און דאָן קומט דאָס בוך „די ווידויים פון אָפּיום־רויכערערס" וועגן וועלכן מיר האָבן אויבן גערעדט.

„...און אין דער דאָזיקער דראַמע פון שטן איז די חרטה אַ וויכטיקער עלעמענט. דער געניוס בייט זיך באַלד איבער אין קאָנטעמפּלאַציע, איבער וועלכער עס שטייט די חרטה און מאַכט אַ מין תאווהדיקן אַנאַליז. און דער דאָזיקער אַנאַליז איז אַזאַ שנעלער, אַז דער מענטש, דער דאָזיקער נאַטירלעכער טייוול — כדי צו רעדן ווי די סווועדנבאָרגיאַנער — באַ־מערקט אפילו נישט אויף וויפל ער האָט אָנגעווירן זיין ווילן און ווי אַזוי ער דערנעענטערט זיך פון רגע צו רגע צו דער טייוולאָנישער פּערפעקציע. ער באַוואונדערט זיין חרטה, גלאָריפיצירט זיך אַליין בעת ער געפינט זיך ממש אויפן שוועל צו פאַרלירן זיין פרייהייט..." באָדלער באַשרייבט די קראַנקע וואָס דערגייען — געשטויסענע דורך דער לאָגיק פון נאַר־קאָטיק — צו פילן זיך ווי גאָט אַליין. אָבער צומאָרגנס! דער שרעקלעכער צומאָרגנס! מיט טיפגרונטיקער פאַרשטענדעניש באַשרייבט באָדלער דעם „קאַצניאָמער" ווען דער גיפט האָט זיך אינגאַנצן אויסגערויכערט... און איצט קומט ווידער דאָס מוסר־זאָגן... עס איז באמת פאַרווערט דעם מענטש — אונטער דער שטראָף פון דעגענעראַציע און אינטעלעקטועלן טויט — צו שטערן די אָריגינעלע כוחות פון זיין עקזיסטענץ און ברעכן דעם גלייכגעוויכט פון אָריגינעלע פעיקייטן אין זייער פאַרבינדונג מיט דער סביבה ווו זיי זענען באַשטימט זיך צו באַוועגן. מיט איין וואָרט — צו שטערן דעם גורל און אויף זיין אָרט אַוועקשטעלן די פאַטאַליטעט פון אַ נייעם מין.

באמת, יעדער מענטש וואָס נעמט נישט אָן די באַדינגונגען פון לעבן, פאַרקויפט זיין נשמה... „באַלזאַק, דערציילט באָדלער, האָט בלי ספק גע־טראַכט, אַז עס איז נישט פאַראַן פאַרן מענטשן קיין גרעסערע בושה ווי זיך אָפּצוזאָגן פון זיין ווילן. איך האָב אים אַמאָל געזען אין אַ חברה ווו מען האָט באַהאַנדלט די געוואַלטיקע עפעקטן פון האַשיש. ער האָט זיך איינגעהערט און אויסגעפרעגט מיט אַ לעבעדיקייט און אויפמערק־זאַמקייט וואָס זענען געווען אַמוזאַנט. די מענטשן וואָס האָבן אים געקענט האָבן געקענט אָננעמען, אַז ער אַליין האָט געהאַט אין דעם אַן אינטערעס. אָבער די אידעע צו טראַכטן וועגן דעם פאַר זיך האָט אים טיף שאָקירט. מען האָט אים געוויזן דעם „דאוואמאסק", אַזאַ מין גיפט. ער האָט אים

אויסגעפּרוווט, אַ שמעק געטאָן דערצו און צוריקגעגעבן, נישט אָנגערירנדיק דעם סם. דער קאַמף צווישן זיין נייגיר און זיין ווידערווילן האָט זיך כמעט קינדיש אויסגעדריקט אויף זיין עקספּרעסיוון פּנים אויף אַן איבער־ראַשנדיקן אופן. די ליבע צו חשיבות האָט מנצח געווען. ווער עס נויטיקט זיך אין נאַרקאָטיק כדי צו קענען דענקען, וועט באַלד נישט קענען דענ־קען אָן סם..."

נאָכדעם ווי באָדלער האָט גאַנץ זאַכלעך איבערגעגעבן מיט זיין גאַנצן פּאָעטישן כוח פון פּערפעקציע די תענוגים וואָס די נאַרקאָטיקס קענען פאַרשאַפן, שילדערנדיק ווי פּערזענלעכע איבערלעבונגען די מאַ־גישע געגנטן און זעלישע לאַנדשאַפטן, וואָס ער האָט געזען זייענדיק אַליין אין פולער התבודדות, האָט ער זיך גענומען וואָרענען און אויס־שפּרייטן פאַרן לייענער אַלע סכנות וואָס שטייען פאַר אים כדי אים צו באַשירעמען.

„... איך פאַרענדיק דעם דאָזיקן אַרטיקל, זאָגט באָדלער, מיט עט־לעכע שיינע ווערטער וואָס זענען נישט פון מיר, נאָר פון דעם באַ־מערקעווודיקן, ווייניק באַקאַנטן פילאָזאָף, מוזיקאָלאָג־טעאָרעטיקער, פּראָ־פעסאָר באַרבעראַ פון דער קאָנסערוואַטאָריע. כ'האָב זיך אַמאָל געפונען אין אַ געזעלשאַפט אין וועלכער עטלעכע פון די אָנוועזנדיקע האָבן גע־רויכערט דעם גליק־שפּענדיקן גיפט. און ער האָט געזאָגט מיטן אַקצענט פון אומבאַשרייבלעכן ביטול: „איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס אַ ראַציאָ־נעלער און גייסטיקער מענטש דאַרף זיך באַדינען מיט קינסטלעכע מיטלען, כדי צו דערגיין צו פּאָעטישן גליק. דער ענטוזיאַזם און דער ווילן דאַרפן זיך דאָך נישט באַדינען מיט אומנאַטירלעכע מיטלען כדי צו דערגיין צו אַ פּאָעטישער מדרגה. ענטוזיאַזם און ווילן דאַרפן גענוג זיין זיך צו דער־הויבן צו אַן איבערנאַטירלעכער עקזיסטענץ. די גרויסע פּאָעטן, די פילאָ־זאָפן, די נביאים זענען באַשעפענישן, וואָס דורך זייער פרייער אויסאיבונג פון ווילן דערגייען זיי צו אַ מצב, ווו זיי זענען גלייכצייטיק די סיבה און דער עפעקט, דער סוביעקט און דער אָביעקט, דער היפּנאָטיזירער און דער לונאַטיקער..."

ש אַ ר ל  ב אָ ד ל ע ר

באָדלער האָט אָנגעוויזן אויף דער גייסטיקער דעגראַדאַציע און אויף ווי ווייט זי איז גורם צו דער אָפּשוואַכונג פון דעם מענטשלעכן ווילן. צו וואָרענען קעגן דער סכנה איז פאַר אים געווען דאָס עיקרדיקסטע. הגם די נאַרקאָטיקס האָבן געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, האָט באָדלער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פונדאַמענטאַלער אוממאָראַלישקייט „וואָס באַשטייט אין דעם וועלן געווינען דעם גן־עדן, באַצאָלנדיק דעם שמש וואָס שטייט פאַר דער טיר, עטלעכע סו...״

אַ טייל פּאָעמעס, ווי למשל „דער חלום פון פּאַריז״ א.א. זענען געשריבן אין נאַרקאָטישן טראַנס. מען פילט דאָס געלייזטע, פּונקט ווי מען פילט דעם זוכער פּונעם אומבאַוווסטן.

## דער חלום פון פּאַריז

געווידמעט קאָנסטאַנטין גיוס

פון דעם שרעקלעכן פּייזאַזש
וואָס ס׳האָט קיינמאָל קיין מענטש ניט געזען
צומאָרגנס זע איך דעם מיראַזש
וואָג און ווייט און אויסטערליש ריין.

דער שלאָף איז פול מיט וווּנדער,
דורך אַ מאָדנעם קאַפּריז,
פון די ספּעקטאַקלען פאַלן אַרונטער
גרינסן, פרוכט און נאַרצים.

און אַן אַרכיטעקט שטאָלץ אויף מיין זשעני
געגאָסן האָב איך פון מיין מאָלעריי
די פאַרשיכורנדיקע מאָנאָטאָניע
פון מאַרמאָר, מעטאַל פון וואַסער דערביי

מלכה לאָקער

בבל פון טרעפּ און אַרקאַדן,
אַ פּאַלאַץ געוועז איז אומענדלעך,
פון גראָטן און פון קאַסקאַדן
גאָלד געברווינטע רענדלעך שיטן זיך דערביי

ניט קיין בוימער, נאָר קאָלאָנאַדן,
און ס׳האָבן אַזערעס זיך אַרומגענומען
און גיגאַנטישע נאַיאַדן
זענען ווי פרויען אַרומגעשווומען.

ליילעכער פון וואַסער געהאָנגען האָבן בלוי
צווישן די גענג סיי גרין סיי גראָז
הענגען מיילן מיליאָנען רוי
איבער ברעגעס אוניווערסאַלע אַרויס.

שטיינער אידל ניט צו באַשרייבן
מאַגישע כוואַליעס פון אימענזן אייז
איבער שפּיגלען פלעגן זיך טרייבן
רעפלעקסן פון קאַץ און מויז.

אומבאַזאָרגט און שווייגנדיק
האָבן גאַנגעס׳ן *) און פירמאַמענט
אוצרות פון טיפן געגראָבן
געשאָטן פון חללם מיט רויטלעכן דימענט.

אַרכיטעקט פון מיינע פּנעריען
געמאַכט האָב איך לויט אייגענעם זין
אונטער אַ טונעל פון געשטיין
אַן אָקעאַן געצוימט אַדורכציען.

---

*) גאַנגעס — אַ טייך אין אינדיע.

שאַרל באָדלער

און אַלץ אַפּילו פאַרב, וואָס איז שוואַרץ
האָט געוויזן זיך קלאָר איריזירט,
דער גוס און די גלאָריע פאַרשטאַרצט,
אין אַ שטראַל קריסטאַליזירט.

ניט קיין שפּור פון אַ שטערן,
אויפן טיפסטן הימל די זון
צו באַלייכטן די ווונדער אין ווערן
וואָס גליען אין זיך נאָך דערפון

און איבער די ווונדער באַוועגטע,
אַ, שרעקלעכער נייעס וואָס שוועבט
פאַרן אויג אַלצדינג, גאַרניט פאַרן אויער,
נאָר שוויגן די אייביקייט פרעגט.

נאָך אָט דער פּאָעמע, וואָס איז קענטיק געשריבן אין טראַנס פון האַשיש, גיט ער אונדז אויף באָדלערישן אופן זיין התראה קעגן האַשיש.

## בריוו־אויסטויש צווישן באָדלערן און פלאָבערן

מיר האָבן געפּרוווט באַווייזן באָדלערס קאָמפּעטענטע אָנשויונגען בנוגע קונסט, אפילו אונטער דער השפּעה פון טייוול, ד.ה. פון די רויש־גיפטן פון וועלכע ער איז געווען אָפּהענגיק. ער איז אין דער זעלבער צייט דער ערשטער צו דערקענען די פאַטאַלע השפּעה וואָס נאַרקאָטיקס האָבן אויפן מענטשלעכן גוף און אויף דער נשמה. „קייטן, באמת קייטן, לעבן וועלכע אַנדערע קייטן, פליכטן פון אַ לעגיטימער ליבע, זענען אַ געוועב ווי גאַזע, ווי אַ שפּינוועבס! אַ שרעקלעכע חתונה פונעם מענטשן מיט זיך אַליין...“ די דאָזיקע מאָראַל, דער מוסר השכל וואָס מען האָט געקענט אַרויסנעמען פון באָדלערס „קינסטלעכע גן־עדנס“ האָט ווייניק אויסגענומען אין די אויגן פון די קריטיקער. און אַפילו פלאָבער, וועלכער

האָט באַדלערן און זיין קונסט געהעריק אָפּגעשאַצט, האָט באָדלערס מוסר, ווי עס זעט אויס, נישט געקענט פאַרדייען. און ער שרייבט:

„עס איז געווען זייער פריינדלעך פון אייך, מיין טייערער באָדלער, וואָס איר האָט מיר געשיקט אַזאַ בוך. אַלצדינג געפעלט מיר אין דעם בוך, די כוונה, דער סטיל, אַפילו דאָס פּאַפּיר. און איך האָב עס זייער אויפמערקזאַם געלייענט. איך דאַנק אייך, וואָס איר האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט אַזאַ שאַרמאַנטן מאַן ווי דע קווינסיי. ווי לייכט עס איז אים ליב צו האָבן! און איצט מיין טענה, כדי דערמיט פאַרטיק צו ווערן: עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אין אַ מאַטעריע וואָס מען באַהאַנדלט אויף אַזאַ געהויבענעם ניוואָ און וואָס איז באמת אַן אָנהויב פון נאַטור־וויסנשאַפט אין אַ ווערק פון אָבסערוואַציע און פון אירע מסקנות, האָט איר עטלעכע מאָל צו פיל אונטערגעשטראָכן דאָס "בייזע". מען פילט כמעט ווי אַ מין קאַטוילישן „הייוון" דאָ און דאָרט. מיר וואָלט ליבער געווען ווען איר וואָלט נישט געווען גערעדט אַזוי פיל וועגן האַשיש און אָפּיום, באמת איבערגעטריבן! און אגב, פון וואַנען ווייסט איר וואָס עס וועט אַרויס־קומען דערפון שפּעטער? אָבער איך בעט אייך איר זאָלט נעמען אין באַטראַכט, אַז דאָס איז בלויז אַ פּערזענלעכע מיינונג, איך באַשטיי נישט דערויף, בשום אופן נישט. איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז עס איז אַ פּריווילעגיע פונעם קריטיקער אַרויפצוצווינגען זיינע אידעען אויפן מחבר. און אפשר איז דאָס צו וואָס איך טשעפּע זיך אין אייער בוך, דאָס, וואָס מאַכט אויס די עיקר־אָריגינאַליטעט, דעם סימן־מובהק פון אייער זשעני: נישט צו זיין גלייך צו יעדן אַנדערן. דאָס איז אַ וויכ־טיקער ענין.

איצט, נאָכדעם ווי איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין איינציקע טענה, בין איך באמת נישט בכוח אויסצודריקן ווי אויסגעצייכנט אייער בוך איז פונעם אָנהויב ביז צום סוף. עס איז געשריבן אין אַ געהויבענער שפּראַך, אין אַ קרעפטיקן סטיל און מיט אַ דורכגעטראַכטער אַרטיסטיק. עס איז אייך געלונגען צו זיין קלאַסיש און אין דער זעלבער צייט, דער העכסטער ראָמאַנטיקער, וואָס מיר האָבן ליב.

די דאָזיקע נאַרקאָטיקס האָבן אין מיר תמיד אַרויסגערופן אַ גרויסע בענקשאַפט. איך האָב אַפילו באַקומען אַביסל אויסגעצייכנטן האַשיש,

וואָס עס האָט פאַר מיר צוגעגרייט דער כעמיקער נאָסטאַניעל, נאָר איך האָב מורא דערפאַר. איך מאַך זיך אַליין צוליב דעם פאָרוווּרפן.

איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף אייערע ווייטערע „בלומען פון בייז״. מיינע טענות, וואָלטן נישט געווען, פאַרשטייט זיך, אָנגעווענדעט אין דעם פאַל. אַ פּאָעט האָט דאָס אַבסאָלוטע רעכט צו טראַכטן וואָס ער וויל. אָבער אַ וויסנשאַפטלער? אפשר רעד איך נאַרישקייטן, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז איך ווייס וואָס איך וויל זאָגן. מיר וועלן וועגן דעם רעדן אַן אַנדערמאָל. איר אַרבעט אַזוי פיל און וואָס פאַראַ גוטע אַרבעט!״

באָדלער: „מיין טייערער פלאָבער, איך דאַנק אייך זייער וואַרעם פאַר אייער אויסגעצייכנטן בריוו. איך בין געווען געטראָפן פון אייער טענה, אָבער נאָכדעם ווי איך בין דורכגעגאַנגען אין מיין זכרון, אַזוי גרינטלעך ווי איך קען, מיינע מחשבות, בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז עס האָט מיר תמיד געשטערט וואָס איך קען זיך נישט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון פאַר פלוצעמדיקע טאַטן און געדאַנקען פונעם מענטשן, סיידן דורך דעם היפּנאָז פון אַ בייזער מאַכט מחוץ פון אים. אויב אַפילו דאָס גאַנצע ניינצנטע יאָרהונדערט וועט זיך אויפשטעלן קעגן מיר, וועל איך זיך נישט פאַרשעמען צוליב דער דאָזיקער ערנסטער דערקלערונג. מערקט אייך, איך האָב זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דעם פאַרגעניגן צו ענדערן מיין מיינונג, אָדער זיך סותר צו זיין מיט זיך אַליין. איר זאָגט אַז איך אַרבעט אַ סך. איז דאָס אַ גרויזאַמער וויץ? אַ סך מענטשן, — און איך רעכן זיך נישט אַריין צווישן זיי — טראַכטן אַז איך אַרבעט ווייניק. אמתדיק אַרבעטן, הייסט אַרבעטן אָן אויפהער, נישט לאָזן קיין צייט פאַר איבער־לעבענישן אָדער פאַר חלומות. דאָס מוז ווערן די קווינטעסענץ פון אַנט־שלאָסנקייט און תמיד אין באַוועגונג. אפשר וועל איך אין יענעם טאָג דערגרייכן די דאָזיקע מדרגה״.

ביידע בריוו זאָגן אַ סך און דערזאָגן נישט... פלאָבערס מוסר און באָדלערס תשובה באַפרידיקן נישט, ווייל דער איינציקער מוסר, וואָס איז ערנסט, איז אויסגעדריקט אין באָדלערס באַרעכטיקטן שטאָלץ און באַרעכטיקטן צאָרן. עס איז לייכט געווען פאַר פלאָבערן צו מוסרן, ווען ער אַליין האָט פאַר די נאַרקאָטיקס מורא געהאַט, ווי ער זאָגט דאָס אינעם דערמאָנטן בריוו.

# קאַריקאַטוריסטן

קודם־כל דאָמיע. ...„און איצט וויל איך רעדן וועגן איינעם פון די וויכטיקסטע מענטשן, איך וויל נישט זאָגן אין דער קאַריקאַטור, נאָר אין דער מאָדערנער קונסט בכלל״.

מיר האַלטן אין יאָר 1830. די רעוואָלוציאָנערן פירן אַן אַנגעווויירע־נע שלאַכט. צווישן זיי די קאַריקאַטוריסטן. „די דאָזיקע צייכענונגען זענען פול מיט בלוט און ליידנשאַפט, שחיטות, אַרעסטן, הויז־זוכונגען, קלעפּ פון דער פּאָליציי. די דאָזיקע עפּיזאָדן חזרן זיך איבער אין יענער צייט אָן אַ שיעור. אורטיילט אַליין״. ... פרייהייט. אַ יונג, שיין מיידל מיט אַ פריגיש היטל אויפן קאָפּ, ליגט אין אַן אָנמעכטיקן שלאָף. זי ווייס נישט וואָס עס דראָט איר. אַ מאַן דערנענטערט זיך צו איר פול מיט בייזע כוונות. ער האָט ברייטע פּלייצעס פון אַ מאַרק־טרעגער אָדער פון אַן אָנגעבלאָזענעם בעל־הבית. זיין קאָפּ האָט די פאָרם פון אַ באַרנע, פאַרענדיקט מיט אַ פּראָמינענטער טשופּרינע, וואָס ענדיקט זיך ביי די זייטן מיט באַקנבערד. דאָס פאַרזעעניש דערנענטערט זיך כדי זי צו פאַר־געוואַלטיקן. „צי האָט איר שוין תפילה געטאָן?״ פרעגט אָטעלאָ דעסדע־מאָנאַ, איידער ער גייט זי דערשטיקן. אָטעלאָ — פיליפּ דערוואַרגט די אומשולדיקע פרייהייט.

אַן אַנדער בילד. אַ יונג מיידל אין אַ פריגיש היטל ווערט פאַר־נאַרט אין אַ טויער. אַן אַנדערע ווערט געפּייניקט. די יונגע פרייהייט, נאָר־וואָס געבוירן, ווערט אומגעבראַכט דורכן קעניג, וואָס ווערט פאַר־געשטעלט ווי אַ פאַרזעעניש. דאָמיע, וואָס האָט געמאָלט די דאָזיקע קאַרי־קאַטור, איז דערפאַר געגאַנגען אויף זעקס חדשים אין תפיסה. אין יאָר 1848 איז אין רואַן פאָרגעקומען אַ שחיטה. אויפן ערשטן פּלאַן — אַ בר־מינן דורכגעלעכערט מיט קוילן. ער ליגט אויף אַ דערהרגעטער. לעבן זיי געפינען זיך אַלע פּני פון דער שטאָט, אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען, גוט פריזירט, גוט געגאָרטלט, די וואָנצעס פאַרפומירט. זיי פּלאַצן פון חוצפה.

פֿאַראַן מסתם נאָך עטלעכע בורזשואַזע דענדיס מיט בלימעלעך אין לאַץ פֿון זייערע טוניקעס. די אמתע בורזשואַזע גוואַרדיע, ווי די דעמאַגאָגן האָבן זיי גערופֿן. אויף זיינע קני, אין אַ מלבוש פֿון אַ ריכטער, דאָס מויל אָפֿן, מיט צוויי שורות שאַרפֿע ציין, אויך זיי געגליכן צו הייפֿיש, שטייט צ. פֿראַנק קאַרקאָ (אַ לאָקאַלער פּאָליטיקער) און פֿירט איבער מיט לוסט זיינע לאַפּעס איבערן טויטן קערפּער. „אָ! דער נאַרמאַנדער, ער מאַכט זיך טויט, כדי זיך נישט צו שטעלן פֿאַר דער גערעכטיקייט־מאַכט!"

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שחיטה אויף דער טראַנסאַנין־גאַס, האָט זיך דאָמיע אַרויסגעוויזן ווי אַ גרויסער קינסטלער. דאָס איז שוין נישט קיין קאַריקאַטור, דאָס איז געשיכטע פֿון דער שרעקלעכסטער טריוויאַליטעט.

אַן אַנדער בילד פֿון אַן אָרעמער שטוב. אַ טויטער אַרבעטער ליגט איבערן טויטן גוף פֿון זיין דערהרגעטן זון. באָדלער דערציילט וועגן אַ סעריע פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן, אין וועלכע ער כאַפּט אויף מיט אַ ווונדערלעכער אינטעליגענץ דאָס וועזנטלעכע פֿונעם פּרצוף. ער איבער־טרייבט אַביסל די אָריגינעלע שטריכן און בלייבט פֿון דעסטוועגן אין די ראַמען פֿון דער נאַטור. דאָס גאַנצע נעבעכדיקע פֿון גייסט, אַלע לעכערלעכקייטן, אַלע מאַניערירטקייטן פֿון דער אינטעליגענץ, אַלע זינד פֿונעם האַרצן, לייענען זיך און לאָזן זיך קלאָר זען אויף די חיהשע פּנימער און אין דערזעלבער צייט איז די צייכענונג גרויס און באַטאָנט. דאָמיע איז געווען אידל ווי אַן אַרטיסט און עקזאַקט ווי לאַפֿאַטער (אַ ציריכער פּאַסטאָר, פֿילאָזאָף און פּאָעט, באַאיינפֿלוסט פֿון סוועדנבאָרג, פּונקט ווי באָדלער).

בעצם האָט דאָמיע באַלאַנגט צום „צד שכנגד" פֿון באָדלערן. ער איז געווען אַ קעמפֿנדיקער רעוואָלוציאָנער, ער האָט געצייכנט דעם בורזשואַ מיט בייסנדיקן סאַרקאַזם, פּונקט אַזוי ווי די קעגנער פֿון דער רעוואָלו־ציע. ער האָט מיט אַ זיכערער האַנט אויפֿגעדעקט דאָס וווּלגאַרע און האָט עס מיט זיין אומפֿאַרגלייכלעכער קונסט פֿאַראייביקט. און כדי דאָך צו ווייזן דאָס שותּפֿותדיקע, וואָס האָט ביידע קינסטלער פֿאַרבונדן, וויל איך ציטירן אַ קליינעם אָפּזאַץ פֿון באָדלערס „אָפּשאַצונג פֿון דאָמיע":

„בלעטערט אין זיינע ווערק, וועט איר זען אַדורכגיין פאַר אייערע אויגן אַ גאַנצע גרויסע שטאָט, אין איר פאַנטאַסטישער און זיך באַוועגנדיקער רעאַליטעט, וואָס פאַרמאָגט לעבעדיקע פאַרזעעניש, אַלץ וואָס זי שליסט אײַן אין זיך פון דערשרעקנדיקע אוצרות, גראָטעסקע, פּינצטערע און חיהשע. דאָמיע האָט זיי געקענט... דעם לעבעדיק פאַרהונגערטן בר־מינן, דעם פעטן, אָפּשטויסנדיקן מת, די לעכערלעכע ליידן פון משפחה־לעבן, אַלע נאַרישקייטן, אַלע גאוות, אַלע התפּעלותן, אַלע פאַרצווייפלונגען פונעם בורזשואַ, ס׳פעלט גאָרנישט. קיינער האָט נישט אַזוי ווי ער געקענט און ליב געהאַט דעם בורזשואַ (לויטן אופן פון אַן אַרטיסט), דעם דאָזיקן לעצטן רעשט פון מיטלאַלטער, די דאָזיקע גאָטישע חורבה, וואָס האָט געקעמפט פאַר איר לעבן אַזוי האַרט, אַזוי באַנאַל, אַזוי עקסצענטריש ווי דער דאָזיקער טיפּ״.

אָט האָט איר אַ קליינעם איבערבליק פון די „בלומען פון בייז״, אַפילו מיט דער ליבע און מיטן ביטול צום בורזשואַ, אָט איז דער אינע־וויניק און דער דרויסנדיקער פּרצוף. געוויס איז וועגן די „בלומען פון בייז״ דאָ אַ סך מער צו זאָגן. אָבער די „עסטעטישע קוריאָזיטעטן״ זענען אַ סך מסביר, ווייזן דעם וועג צו באָדלערס שאַפונגען, סיי צו זיין עסטעטישער קאָנצעפּציע, סיי צום פילאָזאָפישן באַנעם אין זיין קונסט. ווי שוין אויבן געזאָגט, איז דער נאָמען „עסטעטישע קוריאָזיטעטן״ צו באַשיידן פאַר אַ ווערק וואָס פאַרמאָגט באַשטימט די ווערטן פון לכל הפּחות צוויי קונסטן: מאָלעריי און פּאָעזיע. באָדלער איז נישט געווען אַ פילאָזאָף פון דער עסטעטיק, נאָר כמעט דער מזבח, אויף וועלכן די ענדערונגען זענען מקוים געוואָרן. ער איז געוואָרן נישט דער קרבן, נאָר דער מאָסשטאָב פאַר קינסטלערישער גילטיקייט, ביזן היינטיקן טאָג.

ווי מיר זעען פון דעם אינטערעסאַנטן באַריכט אין „ענקאָונטער״ פון מערץ 1966, וועגן אַ שפּאַציר איבערן לוווּר מיט אַלבערטאָ דזשיאַ־קאָמעטי, דעם באַקאַנטן סקולפּטאָר און מאָלער: ...„איך פלעג, זאָגט דזשיאַקאָמעטי, זען די וועלט דורך די ברילן פון די עקזיסטירנדיקע קונסטן! איך פלעג גיין אין לוווּר צו זען די מאָלערייען און סקולפּטורן פון דער פאַרגאַנגענהייט, און איך האָב געפונען, אַז זיי זענען ווייט פון

דער רעאַליטעט. הייגט, ווען איך גיי אין לוווּר, זעען מיר אויס אַלע די אָפּבילדונגען ריין אויסערלעך, פּאַרטייאיש און אומזיכער (Precarious) איך פרעג מיך, ווי אַזוי, צום טייוול, האָבן זיי דאָס געזען אַזוי? איך האָב געפונען, אַז זיי זענען שענער פון דער רעאַליטעט... הייגט, ווען איך גיי אין לוווּר, זענען עס נישט די בילדער און סקולפּטורן וואָס אינטערע־סירן מיך, נאָר די מענטשן וואָס קוקן. זיי זענען בכלל נישט ענלעך, אָדער כמעט נישט, אָט די רעפּרעזענטאַציעס, וואָס זענען פון זיי געמאַכט געוואָרן... נאָר רעאַליטעט איז מסוגל אויפצוועקן דאָס אויג, צו דערהויבן עס פון זיין איינזאַמען חלום און צו צווינגען עס צום באַוווּסטן אַקט פון זען. ווייל רעאַליטעט איז זעבאַר, און ווי צירונג וואָס פאַרלירט זיין גלאַנץ ווען עס ווערט נישט געטראָגן, זעט מיר אויס, אַז דאָס זעבאַרע קומט נאָר צום לעבן אונטערן שטראַל פון אונדזער בליק...״

און דאָס איז עס וואָס באָדלער האָט געטענהט: ראַפּאַעל און די וואָס פאָלגן אים נאָך, גיבן איבער נאָר די אויסערלעכע וועלט, זיי זעען נישט די רעאַליטעט אינעם מענטשן. דאָס פּראָבלעם איז, לויט באָדלערן, אַן אינעוויניקס. דער דמיון, די אינטעליגענץ, די סענסיביליטעט פונעם קינסט־לער, וואָס פאַרלאָזט די אָנגענומענע גרענעצן פון דער עסטעטיק און איז אויסן צו שאַפן פונדאַמענטאַלע ווערטן פונעם לעבן... „ראַפּאַעל, ווי רייך ער זאָל נישט זיין, זאָגט באָדלער, איז נאָר אַ מאַטעריעלער גייסט, ...רעמבראַנדט איז אַ מעכטיקער אידעאַליסט וואָס מאַכט חלומען און טרעפן יענע וועלט. איינער קאָמפּאָנירט קרעאַטורן — אויף אַ נייעם און אומגעריכטן אופן, אָבער דער אַנדערער טרייסלט די שמאַטעס פאַר אונ־דזערע אויגן און דערציילט אונדז פון מענטשלעכע ליידן...״

און אָט איז אַן עדות וואָס איז נאָך מער רעפּרעזענטאַטיוו, דהיינו: פּאַבלאָ פּיקאַסאָ. אין אַ שמועס מיט קריסטיאַן סערוועס אין 1935 זאָגט פּיקאַסאָ: „די שיינקייט פון פּאַרטענאָן, די ווענוס, די נימפן, נאַרציס, זענען אַלע ליגנס. די קונסט איז נישט קיין פּועל יוצא פון אַ געזעץ וועגן דער שיינקייט, נאָר פון דעם וואָס דער אינסטינקט און דער מוח קענען אויפנעמען מחוץ פון יעדן געזעץ. אויב דו האָסט ליב אַ פרוי, גייסטו נישט זוכן קיין אינסטרומענטן צו מעסטן אירע פאָרמען. ווייל דאָס עיקר־

דיקע איז נישט דאָס וואָס דער פּאָעט מאַכט, נאָר דאָס וואָס ער איז. סעזאַן וואָלט מיך נישט געווען אינטערעסירט אַפילו ווען זיינע עפּל וואָלטן געווען צען מאָל שענער. וואָס עס האַלט אָן אונדזער אינטערעס איז דאָס, וואָס מיר קענען לערנען פון אים. פּונקט דאָס זעלבע באַווייזן אונדז די ליידן פון ווען־גאָג, וואָס מיינט די דראַמע אינעם מענטשן. דאָס איבער־ריקע איז פאַלש".
Times Literary Suplement, 27/1 1966.

## גאָיאַ

עטלעכע באַמערקונגען וועגן גאָיאַ. באָדלער הויבט אָן דערמיט, וואָס ער איז מסכּים מיט דער אָפּשאַצונג פון טעאָפיל גאָטיע וועגן גאָיאַ. „איך וויל נאָר צוגעבן עטלעכע ווערטער — זאָגט באָדלער — וועגן אַן עלע־מענט, וואָס איז זייער אַ זעלטענער און וואָס גאָיאַ האָט אַריינגעפירט אין קאָמישן: איך וויל רעדן וועגן פאַנטאַסטישן. גאָיאַ איז נישט אומבאַ־דינגט עפּעס באַזונדערס, נישט עפּעס ספּעציעלעס פון די קאַטעגאָריעס פון אַבסאָלוט קאָמישן, אין פראַנצויזישן זין. בלי שום ספק, וואַרפט ער זיך אַריין אין גרויזאַם קאָמישן און דערהויבט זיך צום אַבסאָלוט קאָמישן, אָבער דער אַלגעמיינער אַספּעקט אונטער וועלכן ער זעט די זאַכן, איז ראשית כּל פאַנטאַסטיש. און נאָך מער דער בליק, וואָס ער וואַרפט אויף די זאַכן, גיט איבער אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַלץ וואָס איז פאַנטאַסטיש. „לאָס קאַפּריטשיאָס" זענען אַ וווּנדערבאַר ווערק, נישט נאָר דורך דער אָריגינאַליטעט פון די אויפפאַסונגען, נאָר דורך דער אויספירונג. איך שטעל זיך פאָר „די קאַפּריזן" אַ מענטש, אַ נייגעריקן, אַן אַמאַטאָר, וואָס האָט נישט קיין אַנונג פון די היסטאָרישע פאַקטן, צו וועלכע די דאָזיקע דרוקן מאַכן אָנדייטונגען, אַ פּשוטע אַרטיסטישע נשמה, וואָס ווייס נישט וועגן גאָיאַ און נישט וועגן קעניג קאַרל און נישט וועגן דער קעניגין — ער וועט דערפילן אַ שאַרפן שאָק אין די וואָרצלען פון זיין מוח צוליב דעם אָריגינעלן אופן און דער זיכערקייט פון די מיטלען פונעם קינסטלער, און אויך צוליב דער פאַנטאַסטישער אַטמאָספער אין וועלכער עס באָדן זיך אַלע סוביעקטן. אגב, איז פאַראַן עפּעס אין די

דאָזיקע ווערק, וואָס דערמאָנען אין חלומות, פּעריאָדישע אָדער כראָנישע, וועלכע באַפאַלן רעגלמעסיק אונדזער שלאָף. דאָס איז דער סימן פון אמתן קינסטלער, וואָס בלייבט שטענדיק און דויערהאַפט און לעבעדיק אַפילו אין די ווערק וואָס ער האָט געשאַפן אויף דער שנעל, וואָס זענען, אויב מען וויל, אַפּהענגיק פון געשעעענישן און ווערן אָנגערופן קאַריקאַטורן. גאָיאַ איז תמיד אַ גרויסער אַרטיסט, צו מאָל אַ דערשרעקנדיקער. ער פאַרמאָגט די פריילעכקייט און די לעבעדיקייט פון די גוטע צייטן פון סערוואַנטעס, אַן עספרי, אַ סך אַ מאָדערנער ווי דאָס וואָס ווערט געזוכט אין מאָדערנע צייטן. די ליבשאַפט פון דעם אומדערגרייכבאַרן, דאָס געפיל פון שטאַרקע קאָנטראַסטן, פון די דערשרעקענישן פון דער נאַטור און פון די מענטשלעכע פּרצופים אויף אַ מאָדערנעם אופן פאַרחיה׳שטע דורך די אומשטענדן״.

דער דאָזיקער פּירוש ווייזט דייטלעך, אַז באָדלער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די סיבות, וואָס האָבן גאָיאַן באַוויגן צו שאַפן זיינע „קאַפּריטשאָס״. ער דערקענט אַפילו גאָיאָס שנאה צו די גלחים וואָס גיט אים אַ געלעגנהייט צו דערלאַנגען אַ ריפן־שטויס וואָלטערן, וועמענס אויפגעקלערטע אידעען האָבן נישט געפונען קיין חן אין זיינע אויגן, אָט די אויפגעקלערטע אידעען פונעם אכצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָבן באַקעמפט דעם קריסטלעכן אָבסקוראַנטיזם. באָדלער איז קענטיק נאָך געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דע־מעסטר, אָבער ער האָט אים דאָך נישט געקענט אויף אַזוי ווייט פאַרבלענדן די אויגן, ווען ער האָט געזען אמתע קונסט. און ער זעט און ער רעדט וועגן האַלוצינאַציעס פון גאָיאָס טרוים־לעבן, וואָס ער שילדערט מיט אַ גראָטעסקער גרויזאַמקייט.

באָדלער דערמאָנט גאָיאַן און קעניג קאַרל און די קעניגין איזאַבעל, ד. ה., ער האָט געקענט די „העלדן״ וואָס זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אינקוויזיציע און ענלעכע פענאָמענען, וואָס דאָס קריסטנטום האָט אונדז באַשערט...

באָדלער דערציילט וועגן די קעפּ פון די גלחים: „פּירעקיקע קעפּ פון מערדערס, וואָס גרייטן זיך צו צומאָרגנס, כיטרע קעפּ, היפּאָקריטן, פיין און בייז אַזוי ווי די פּראָפילן פון רויב־פייגל... עס איז מאָדנע, זאָגט

באָדלער, אַז דער דאָזיקער פיינט פון גלחים זאָל האָבן געחלומט פון כישוף־מאַכערס, וואַקכאַנאַליעס, טייוולאָנישקייטן, קינדער וואָס מ׳בראָט אויפן שפּיז, וואָס ווייס איך? אַלע אויסגעלאַסנקייטן פון חלום, אַלע איבערטרייי־בונגען פון האַלוציאַנאַציעס, און דאַן אַלע יענע ווייסע און „שיקע" שפּאַ־ניערינס, וואָס די אייביקע אַלטע וואַשן און גרייטן זיי צו סיי פאַר דער פּראָסטיטוציע פונעם אָוונט, סיי פאַרן שבת. (געמיינט איז שוואַרץ־שבת) פון דער ציוויליזאַציע! ליכט און חושך שפּילן אַנטקעגן די דאָזיקע גראָ־טעסקע שרעקנס! וואָס פאַר אַ מאָדנע פריילעכקייט!" באָדלער ברענגט נאָך דעם תוכן פון עטלעכע בילדער ביי וועלכע די האָר שטעלן זיך קאַפּויער. און מיינט: „דאָס גרויסע פאַרדינסט פון גאָיאַ באַשטייט אין דעם, וואָס ער מאַכט דאָס מאָנסטרועזע גלויבנהאַפט. די דאָזיקע פאַר־זעענישן זענען געבוירן לעבנס־פעיק, האַרמאָניש. קיינער האָט נישט גע־וואַגט מער אין זין פון מעגלעכן אַבסורד. אַלע זיינע פאַרקרימונגען, זיינע בעסטיאַלישע פּרצופים, זיינע טייוולאָנישע גרימאַסן, זענען דורכ־געדרונגען מיט מענטשלעכקייט. אַפילו פון באַזונדערן שטאַנדפּונקט פון דער נאַטור־געשיכטע, וועט עס זיין שווער זיי צו פאַראורטיילן, אַזוי פיל אַנאַלאָגיע און האַרמאָניע איז פאַראַן אין אַלע טיילן פון זייער וועזן. מיט איין וואָרט, די ליניע פון דער נאָט, דער פּונקט פון פאַרבינדונג פון רעאַלן צום פאַנטאַסטישן איז אוממעגלעך צו דערכאַפּן. דאָס איז אַן אומ־זיכערע גרענעץ, וואָס דער סובטעלער אַנאַליסט וועט נישט קענען גע־פינען. אויף אַזוי פיל איז זיין קונסט אין דערזעלבער צייט טראַנסצענ־דענטאַל און נאַטירלעך". דאָס געגויע ביז צום לעצטן פּרט פון באָדלערס אָפּשאַצונג פון גאָיאַ איז דאָס פאַרכאַפּנדיקע. אויף דעם האָבן מיר זיך פון דעם באַשאַפער פון דער מאָדערנער קונסט־קריטיק געקענט ריכטן. דאָס עיקרדיקע פון דער דאָזיקער אָפּשאַצונג איז באָדלערס עסטעטישער „אני מאמין", וואָס דריקט זיך דאָ אויס ווען ער רעדט וועגן פאַנטאַסטישן, וועגן מאָדערנעם, וואָס דערגרייכט דאָס אומדערגרייכבאַרע, וועגן דער מענטשלעכקייט אינעם מאָנסטרועזן און פאַנטאַסטישן, וועגן טראַנסצענ־דענטאַלן און נאַטירלעכן. דאָס איז נאָך אַלץ באָדלער, דער ראָמאַנטיקער, וואָס טראָגט שוין אין זיך די זאָמען פון סימבאָליזם און פון סורעאַליזם.

## עדגאַר פּאָ

„...איך ברענג היינט אַ נייע לעגענדע, ...איך גיב צו אַ נייעם הייליקן צו דער מאַרטיראָלאָגיע פון די דאָזיקע אומגליקלעכע באַרימטע, צו רייך אין פּאָעזיע און ליידנשאַפט, וואָס איז געקומען נאָך אַזוי פיל אַנדערע דורכצומאַכן אין אָט דער נידעריקער וועלט, די לערניאָרן פונעם זשעני ביי נידעריקע נשמות". „...אומברחמנותדיקע דיקטאַטאָרן פון דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטן: בעט נישט קיין רחמים, קיין מחילה, נישט קיין עלאַסטישקייט אין דער אָנווענדונג פון זייערע געזעצן, אין די פילפאַכע און קאָמפּליצירטע פאַלן פון מאָראַלישן לעבן".

פּאָ האָט געשריבן וועגן ליבע און שנאה, וועגן טויט און פּחד, וועגן שרעקלעכע זאַכן פון דער וועלט און פון יענער וועלט. ער האָט געזוכט, געבויערט, כדי צו דערגייך צום אונטערבאַוווּסטזיין. דאָס איז בעצם אַ פּרווו צו אַנטפּלעקן אַ שטח, וואָס איז פאַרבאָרגן און געפערלעך. בלייק האָט געפּרוּווט דערגיין און איז נצול געוואָרן. קענען מיר דאָס זעלבע זאָגן וועגן פּאָ? צי וועגן באָדלערן? „דער ברודער איבערן ים" האָט געלעבט דאָס זעלבע לעבן ווי דער מחבר פון די „בלומען פון בייז". און מיר קענען לייענען די דאָזיקע שורות ווי אַן אויטאָביאָגראַפיע פון באָדלערן.

„די מוראדיקע אימאַזשן האָט פּאָ איבערגעלעבט און געבראַכט צום אויסדרוק אויף אַ נייעם אופן, וואָס האָט אויך געוואָרפן אַ ליכט אויף דער פסיכע פון אַ פאָלק, וואָס מיר זענען געוווינט צו באַטראַכטן ווי אַ לייכט און אָפּטימיסטיש. עס איז געווען פּאָ'ס פאַרדינסט דורך זיינע אויסטערלישע קאָמפּאָזיציעס אונדז צו באַווייזן, אַז דאָס אויסטערלישע איז אַן אינטעגראַלער טייל פונעם שיינעם".

די ליטעראַטור פון פּאָ איז עקסטרא — אָדער איבערמענטשלעך. „אָבער גרויס ווייסן, אַ מעכטיקע לינגוויסטיק, טיפע שטודיעס, די איינ־

דרוקן געזאַמלט פון מערערע לענדער האָבן געמאַכט פון זיין וואָרט אַ דערציונג. זיין כוח הדיבור, בעיקר פּאָעטיש, איז פול מיט מעטאַד, וואָס האָט זיך אָפּטמאָל באַוועגט אויסערהאַלב פון יעדן מעטאָד. אַן אַרסע־נאַל פון אימאַזשן, געצויגן פון אַ וועלט, וואָס איז געווען ווייניק באַזוכט דורכן המון — פון די גייסטער, אַן אומגעהייערע קונסט אַרויסצודרינגען פון אַ קלאָרער פּראָפּאָזיציע אומבאַדינגט אָננעמבאַרע, געהיימע און נייע אויפפּאַסונגען, צו עפענען דערשטוינלעכע פּערספּעקטיוון, מיט איין וואָרט די קונסט צו באַגייסטערן, צו מאַכן דערקענען, צו מאַכן חלומען, אַרויס־צושלעפּן די נשמות פון דער בלאָטע פון רוטין. דאָס זענען די בלענ־דנדיקע פעיקייטן, וואָס זענען געבליבן אין זכרון פון אַ סך מענטשן..."

ביאָגראַפיש זענען פאַראַן בייביידע פּאָעטן כמעט פּאַראַלעלע ענלעכ־קייטן, דהיינו אַ געוויסע הפקרות פון די יינגסטע יאָרן, וועלכע באָדלער האָט צו פאַרדאַנקען זיין איינגעשפּאַרטן ניין צו אַליץ, וואָס איז נישט געגאַנגען לויט זיינע השגות. זיין טראָץ און זיין לייד האָט ער געזוכט צו פאַרטויבן אין די "קינסטלעכע גן־עדנס", וואָס האָבן דאָס לייד טאַקע אויף אַ ווייל פאַרטויבט כדי צו דערוואַכן אויפסניי אויף אַ שטאַרקערן אופן. פּאָ'ס סיטואַציע איז אין אָנהויב געווען אַ סך אַ שווערערע. דער יסוד פאַר ביידע קינסטלער איז געווען אַן אומזיכערער, ענלעכע וואָרצלען האָבן אפשר גורם געווען צו ענלעכע קינסטלערישע אַספּיראַציעס, וועגן וועלכער באָדלער האָט געמיינט, אַז פּאָ האָט זיי בעסער פאָרמולירט. פּאָ האָט אַ סך פון זיינע אַרטיסטישע אידעען גענומען ביי קאָלערידזשן (די אידעען פון דמיון, למשל, אין קעגנזאַץ צו פאַנטאַזיע, פענסי). באָדלער איז געווען דער פּאָטער און אָנווייזער פאַר צוויי וויכטיקסטע צווייגן אין דער אייראָפּעישער קונסט און האָט אין גוססדיקן מאָמענט פון איבערגאַנג אָנגעוויזן אויף נייע וועגן און איז אַליין געגאַנגען אין זיי אין דער פּאָעזיע. ער האָט אָנגעצייכנט די ליניע, וואָס די מאָלעריי דאַרף נעמען און זיין אורטייל גילט ביז צום היינטיקן טאָג.

"...מאָדנע קאָמפּאָזיציעס, וואָס וויזן אויס ווי ספּעציעל געשאַפענע, כדי אונדז צו דעמאָנסטרירן, אַז דאָס אויסטערלישע איז איינער פון די אינ־טעגראַלע עלעמענטן פונעם שיינעם". — באָדלער דערציילט, ווי אַזוי

פּאָ האָט צוליב זיינע אָנפאַלן פון שיכרות זיך צעקריגט מיטן אַרויס־געבער. אָבער אין דער צייט, ווען ער איז געווען רעדאַקטאָר, האָט ער אין „Southern Literary Messenger" געקענט פאַרעפנטלעכן קריטישע און פילאָזאָפישע אַרטיקלען און דערציילונגען פול מיט צויבער, וואָס זענען אַרויס אונטערן טיטל „דערציילונגען פון גראָטעסקן און אַראַבעסקן" — אַ באַמערקנסווערטער און מיט אַ כיוון אויפפאַלנדיקער טיטל — ווייל די גראָטעסקע און אַראַבעסקע־אָרנאַמענטן שטופּן צוריק די מענטשלעכע פיגורן. פון אַ סך קוק־ווינקלען קען מען פּאָ׳ס ליטעראַטור זען ווי עקסטראַ־אָדער איבערמענטשלעך. „ער האָט געגלויבט, דער אמתער פּאָעט וואָס ער איז געווען, אַז דער צוועק פון דער פּאָעזיע איז פון דער זעלבער נאַטור ווי איר פּרינציפּ און זי טאָר נישט אין זינען האָבן קיין שום אַנדער זאַך ווי זיך אַליין..."

„...אין אַמעריקע איז פּאָ געווען דער ׳אָנפאַן טעריבל׳ פון דער ליטעראַטור, אָבער ער האָט זי געהאָלפן אויסבויען און איז געווען פון אַלע שטאַנדפּונקטן אַ שריט פאָרויס. שטענדיק אין פינאַנציעלער נויט, האָט ער געמוזט שרייבן איבער מינדערווערטיקע שאַפונגען אין אומבאַ־קאַנטע צייטשריפטן. קראַנקהאַפט און ניירואָטיש, האָט ער אַריינגעשפּאַנט אין אונדזער היינט, וואָס איז פּונקט אַזוי קראַנקהאַפט און ניירואָטיש און ער ווערט דעריבער ערשט היינט געלייענט מיט אינטערעס".

„...ער האָט, שרייבט פיליפּ וואַן דאַרען אין זיין בוך ׳עדגאַר פּאָ׳, געקענט דעם טויט־פאַרלאַנג איידער פרויד האָט אים דעפינירט. ער האָט ליב געהאַט רויען כוח נאָך איידער העמינגווייי איז געבוירן געוואָרן, ער האָט פאַרשטאַנען צו שאַפן שפּאַנונג איידער מען האָט געטראַכט וועגן פּסיכאָ־טרילער, ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער טעמע פונעם טאָפּלטן איך איידער דער אויסדרוק געשפּאָלטענע פערזענלעכקייט איז אַנטפּלעקט געוואָרן. און דאָס וויכטיקסטע, ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם אינערלעכן קאָנפליקט, דער הויפּט־טעמע פון דער היינטיקער ליטעראַטור..."

עדגאַר פּאָ איז געווען אַ זון פון וואַנדערנדיקע שוישפּילער, ביידע פּאַטאָלאָגישע טרינקער. אַזוי אַרום האָט ער זיין טרויעריקע ליידנשאַפט איבערגענומען בירושה.

פאָ איז געווען דער דערפינדער פון דער דעטעקטיוו־סטאָרי, פון דע־טעקטיוו און זיין פאַקטאָטום. זיין פראָזע־פאָעמע „עאורעקא״ האָט באָדלער איבערגעזעצט. פאָ׳ס געשיכטן זענען צייטלאָז און קומען נישט אין באַ־רירונג מיט דערווירקלעכקייט, זיינע קריטיקן זענען נוגע די ליטעראַ־טור פון טאָג — אין אַמעריקע. פאָ׳ס דערציילונגען זענען אַזוי נאָענט צו פּאָעזיע, אַז אַ טייל זענען געזעצט אין פרייען פערז־פאָרם. דער לייטמאָ־טיוו פון זיין שאַפן איז טויט און צעפאַל, צעפוילונג, וואָס דערוואַרט דעם גוף נאָכן טויט. דאָס אפשר דערמאָנט „לאַ שאַראָן״, וואָס איז געשריבן פון מחבר פון די „בלומען פון בייז״ אין זיינע יוגנט־יאָרן נאָך איידער ער האָט געוווּסט פון דער עקזיסטענץ פון פאָ! אין קעגנזאַץ צו פּאָ, וועמענס שאַפונגען זענען געווען עקסטראַ־מענטשלעך און האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער ווירקלעכקייט, איז באָדלער געווען באַצויבערט פון דער רעאַליטעט און זיינע שאַפונגען זענען געשעפּט פון דעם טיף־מענטשלעכן רעזערוואַר, וואָס איז פול מיט זינד און חרטה, וואָס ער האָט אין זיין אייגענער נשמה אויסגעווייטאָגט און אויסגעפורעמט.

פאָ האָט געלעבט אין אַ פערמאַנענטער פאַרצווייפלונג, וואָס האָט באַפעלקערט זיין פאַנטאַזיע מיט פאַרזעענישן, וועלכע ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק אין אומנאַטירלעכע דימענסיעס. די פינצטערע פאַרזעע־נישן האָבן נישט צוגעלאָזט ער זאָל פאַרגעסן ווערן. ער האָט געשעפּט טיף אין אונטער־באַוווּסטזיין, אין אָט דעם קוואַל פון יעדער קינסטלע־רישער שאַפונג, דאָ, ווו עס ליגט דער כוח פון דערפינדונג צו זען און אפשר פאָרויסצוזען.

אין זיין אייגן לאַנד האָט פאָ נישט געוואָרפן קיין ווייטן שאָטן. פאַראַן אַ גאַנצע סקאַלע פון דברים בטלים וואָס מען האָט אָנגעוועגדעט אין צו־זאַמענהאַנג מיט עדגאַר פּאָ. מען האָט אים צוגעשריבן שאַרלאַטאַניזם, פּלאַגיאַט, שיכרות, עגאָמאַניע, פון וועלכע עס איז אפשר געווען אין אים אַ ניצוץ שויך מיט דעם, וואָס ער איז געווען עקסצענטריש, וואָס ער האָט אויך נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט, וואָס האָט אים פון זיך אַרויסגעוואָרפן און פון וועלכער ער וואָלט סיי־ווי אַנטלאָפן.

## ערשטע באַגעגעניש מיט עדגאַר פּאָ

„אין יאָר 1846 אָדער 1847, בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט עטלעכע פראַגמענטן פון עדגאַר פּאָ. איך האָב דערפילט אַ מאָדנע דערשיטערונג. און אַזוי ווי זיינע ווערק זענען נישט געזאַמלט געוואָרן אין איין פולער אויסגאַבע ביז נאָך זיין טויט, האָט איך געהאַט די געדולד זיך צו באַפריינדן מיט עטלעכע אַמעריקאַנער, כדי ביי זיי אויסצולייען זשורנאַלן, וואָס זענען פון אים רעדאַגירט געוואָרן. און דאַן האָב איך געפונען — שרייבט באָדלער צו אַ פריינד — גלויב מיר, אויב דו ווילסט, פּאָעמעס און דערציילונגען, וועגן וועלכע איך האָב שוין געהאַט אַ באַשטימטע אידעע, אַ צעטומלטע און שלעכט געאָרדנטע, וועלכע פּאָ האָט פאַרשטאַנען צו אַראַנזשירן און צו ברענגען צו פּערפעקציע".

די דאָזיקע באַוואונדערונג, אָן קיין שום באַוואָרעניש, האָט געפירט צו מאָדנע רעזולטאַטן. בערך צען פון די בעסטע שאַפערישע יאָרן האָט באָדלער אַוועקגעגעבן כדי צו איבערזעצן זיין „ברודער איבערן ים". כדי די אַרבעט אויסצופירן מיט באָדלערישער עקזאַקטקייט, האָט ער באַנייט זיין ענגליש, וואָס ער האָט אין די קינדער־יאָרן נאָך געקענט. און אַזוי ווי ער האָט זיך דאָס פירגענומען, האָט ער פון פּאָ, וועלכער איז אין זיין לאַנד קוים באַמערקט געוואָרן, געמאַכט אַ גרויסע פיגור אין פראַנקרייך. דאָס איז אים בלי שום ספק געלונגען.

זיינע איבערזעצונגען זענען געווען פּונקט אַזוי געטריי ווי קינסטלערישׁ פון העכסטער קוואַליטעט. דער ענגלישער שרייבער וואַלטער פּעטער האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט מער הנאה געהאַט פון פּאָ אין באָדלערס איבערזעצונג, ווי אין אָריגינאַל.

„די פיגורן ביי פּאָ, אָדער בעסער געזאָגט, די פיגור פּאָ אַליין, דער מענטש מיט די צוגעשאַרפטע פעיקייטן, דער מענטש מיט די צעשוי־בערטע נערוון, דער מענטש וועמענס אייפעריקער, געדולדיקער ווילן איז גובר אַלע שוועריקייטן, וואָס זיין גליק איז געשפּאַנט מיט דער שאַרפקייט פון אַ שווערד צו די אָביעקטן, וואָס וואַקסן אין דער מאָס ווי ער קוקט אויף זיי, דאָס איז פּאָ, ער אַליין..."

מיר האָבן אויספירלעך ציטירט באָדלערן אַליין, כדי אָנצווייזן אויף זיין אומאייגננוציקער, גרויסצוגיקער פאַרערונג פאַר זיין „ברודער איבערן ים". אין זיינע בריוו, פאַרעפנטלעכט אין „מערקיר דע פראַנס" זאָגט באָדלער: „עס איז מיין ווונטש, אַז עדגאַר פּאָ, וועלכער איז אין אַמעריקע נישט וויכטיק, זאָל ווערן אַ גרויסער מאַן אין פראַנקרייך". עס איז היינט פאַר קיינעם קיין ספק נישט, אַז באָדלער האָט דאָס אויף אַ גראַנדיעזן אופן דורכגעפירט.

„הייסט עס, מען באַשולדיקט מיך, אַז איך אימיטיר פּאָ! ווייסט איר פאַרוואָס איך האָב פּאָ׳ן אַזוי געדולדיק איבערזעצט? ווייל ער איז געגליכן צו מיר".

ביידע פּאָעטן האָבן געגלויבט אין אַ מין מיסטיציזם פון דער קונסט, אין הסכם מיט אַן איבערנאַטירלעכער אויפפאַסונג וועגן שיינקייט. באָדלער, ווי מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן, האָט געזוכט די שיינקייט אין יעדן פענאָמען פון מענטשלעכער איבערלעבונג. „...באַוווּסטע פּאָעטן האָבן זיך פון לאַנג אָן געטיילט אין די בלומיקע געביטן פון דער פּאָעטיק, מיר איז מער געפעלן אויסצופרעסן די שיינקייט פונעם בייז, וואָס איז אַ סך שווערער..."

„פון זינט דער שעה פון מיין קינדהייט בין איך נישט געווען ווי אַנדערע זענען געווען. איך לייד דערפון, וואָס איך האָב פאַרענדיקט און אָפּגעטיילט פערספעקטיוון אין דער וועלט פון די ווערטן... איך בין פאַרמשפּט צו זיין אַן אויסנאַם. דער יעניקער און נישט אַלע, דער יעניקער און נישט קיין אַנדערער. דער כאַראַקטער איז גורם דערצו, אַז עס איז פאַראַן אַ יעדער... דער כאַראַקטער פאַרלייקנט דעם מענטשן. און דאָס אייגנאַרטיקע נעגירט דאָס אוניווערסאַלע. איך לייד דערפון וואָס איך בין פאַרמשפּט צו דעם, וואָס מאַכט שווערער מיין צוגעהעריקייט און וועט צעשטערן אַלע עלעמענטן דורך וועלכע איך קאָמוניקיר מיט דער פּאָטאַליטעט פון מענטשלעכן דערלעבן..." די דאָזיקע באָדלערישע כאַראַקטעריזירונג פון זיך אַליין איז אַזוי פאַסצינירנדיק, אַז מיר ציטירן גאַנץ באַוווּסט נאָכאַמאָל.

„דער פּאָקטישער „זשעני", דער „געניוס" איז אין פּאָלקסטימלעכן זין בלויז אַן אויסדרוק פון אַן אומנאַרמאַלער איבערהערשאַפט, פון עפּעס אַ פעיקייט איבער אַלע אַנדערע, וואָס איז דער רעזולטאַט פון גייסטיקער קראַנקהייט, אָדער, בעסער געזאָגט, פון אַן אָרגאַנישן פעלער אין מוח", זאָגט פּאָ.

אַזאַ מין אַנאַליז, אין דער תקופה ווען באָדלער האָט געהאַלטן אין רעווידירן דעם ראָמאַנטיזם, ד.ה. אים ניי אויסטייטשן, איז געווען אייל אויף באָדלערס פייער... מיר ווייסן מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן און אַפילו יראת הכבוד ער פלעגט שטענדיק ציטירן פּאָ. פּאָ האָט אים באַשטעטיקט, אַז ער געפינט זיך אויפן ריכטיקן וועג. איבעריק צו זאָגן, אַז באָדלער איז אויך געווען ווייט פון וועלן מישן „די איילן און וואַסערן" פון דער פּאָעזיע און פונעם אמת.

„מוזיק, זאָגט פּאָ, אין אירע פאַרשידענע מינים פון מעטריק און גראַם, איז אַזוי וויכטיק פאַר דער פּאָעזיע, מ'טאָר זי קיינמאָל באַוווסט־זיניק נישט אָפּוואַרפן. זי איז פון אַזאַ וויטאַלן ווערט פאַר דער דיכטונג, אַז בלויז אַ נאַר וועט מוותר זייך אויף איר הילף. אפשר איז מוזיק, וואָס די נשמה דערגרייכט כמעט, דער גרויסער ציל צו וועלכן זי שטרעבט, אינספּירירט מיט אַ פּאָעטישן געפיל, אין דער שאַפונג פון דער העכסטער שיינקייט... פּאָעזיע איז דאָך די ריטמישע באַשאַפונג פונעם „שיינעם", איר איינציקער שופט אין געשמאַק. מיט אינטעלעקט אָדער געוויסן האָט זי נאָר אַן אומדירעקטן קאָנטאַקט..."

הגם באָדלער האָט זיכער אָפּגעשאַצט אַזעלכע פּרטים וועגן פּאָעזיע, האָט ער נאָר צום טייל מיט זיי מסכים געווען. אָט, למשל, איז פאַר באָדלערן דער אינטעלעקט אַ נאָענטער „מחותן" מיט פּאָעזיע, אַזוי אויך די מאָראַל, הגם, לויט זיין אייגענעם וואָרט, „פאַרשטעלט"...

ביידע אויפפאַסונגען האָבן דערווייל דורכגעמאַכט ענדערונגען און אַפילו דאַן, ווען פּאָ אַליין פּרוווט באַווייזן אין זיין פילאָזאָפיע, אַז זיין פּאָעמע „די ראָבן" איז אַ מין מאַטעמאַטישער חיבור — ווייסן מיר, אַז די דאָזיקע מיינונג האָט געפירט צו משונהדיקע מסקנות אין סימבאָ־

ליסטישן חדר, אָבער נישט איצט איז דער מאָמענט זיך מיט דעם צו פאַרנעמען.

דער אומשטערבלעכער אינסטינקט פאַרן שיינעם; וועגן וועלכן פּאָ רעדט, אונדזער פאַרגעניגן אין זיינע פאַרשידענע אויסדרוקן, דאָס זעט אונדז נישט אויס צו זיין אַ פּועל יוצא פון אַ מאַטעמאַטישן חיבור... מיר זענען זיכער מסכים, אַז די ליליע וואָס מען זעט אין שפּיגל, אָדער דער נאַרציז וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין וואַסער, זענען אַזוי ווי אַ ריין אָראַלע אָדער געשריבענע איבערחזרונג פון פאָרמען, פון קלאַנגען, פון פאַרבן און פון געפילן, און זענען אַ טאָפּלטער קוואַל פון פאַרגעניגן. אָבער די פּשוטע איבערחזרונג איז נישט קיין פּאָעזיע. זי איז לגבי פּאָעזיע דאָס וואָס אַ פאָטאָגראַפיע איז לגבי אַ געמאָלט בילד.

„דער, וואָס וועט זינגען מיט פּשטות, און אַפילו מיט אַ ברענענדיקן ענטוזיאַזם אָדער מיט אַ לעבעדיקן און אויפריכטיקן אמת וועגן דער באַשרייבונג פון געזעענעם, געהערטן, פון ריחות, פאַרבן, פון סענטי־מענטן וואָס דרינגען אים דורך אינאיינעם מיט דער איבעריקער מענטש־הייט — ער, זאָג איך, האָט נאָך נישט פאַרדינט דעם געטלעכן טיטל. פאַראַן נאָך עפּעס אין די מרחקים, צו וואָס ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו דערגייין".

„דאָס איז נישט קיין אָפּשאַצונג פון דער שיינקייט פאַר אונדזערע אויגן, זאָגט באָדלער, נאָר אַ ווילדע אָנשטרענגונג צו דערגרייכן די שיינ־קייט איבער אונדז. אינספּירירט דורך עקסטאַטישער אַנונג פון דער גלאָריע נאָכן קבר, ראַנגלען מיר זיך מיט פיל־פאָרמיקע קאָמבינאַציעס פון ענינים און געדאַנקען פון דער צייט צו דערגרייכן אַ טייל פון יענער ליבלעכקייט, וואָס זיינע עלעמענטן געהערן אפשר צו דער אייביקייט אַליין. דעריבער געפינען מיר זיך אויך ביי פּאָעזיע און מוזיק אין די העכסטע פּאָעטישע שטימונגען, אויפגעלייזט אין טרערן, נישט דורך אַן איבער־פלוס פון פאַרגעניגן, נאָר צוליב אַ געוויסן קאַפּריזנעם, אומגעדולדיקן ווייטאָג, מחמת אונדזער אָנמעכטיקייט צו דערגרייכן איצט און אינגאַנצן, דאָ אויף דער ערד איין מאָל אויף תמיד די דאָזיקע געטלעכע און פאַר־

כאַפּנדיקע פרייד, וועלכע מיר דערגרייכן דורך דער פּאָעמע אָדער דורך דער מוזיק נאָר אויף קורצע און אומבאַשטימטע מאָמענטן״.

באָדלערס אָפּשאַצונג פון שיינקייט וועלכע מיר קענען אין די פּאַר־שידנסטע מאַניפעסטאַציעס האַלט זייער ווייט פון פּאָ׳ס מאַטעמאַטישן חבור. אגב פאַרנעמען מיר זיך מיט פּאָ׳ס עסטעטישע אידעען נאָר דער־פאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַ השפּעה אויף באָדלערן, וועלכער אידענטי־פיצירט זיך אַזוי שטאַרק מיט זיין „ברודער איבערן ים״. אין נישט פּאַר־אינטערעסירטער באַוואונדערונג שטעלט זיך באָדלער אַליין אין שאָטן.

## „ספּלין״

„...דאָס, וואָס איך פיל, איז אַ מין אַנטמוטיקונג, אַ געפיל פון אומ־דערטרעגלעכער איזאָלירונג, אַ שטענדיקן פחד פאַר אַן אומבאַשטימטן אומגליק״. ער איז אַ קרבן פונעם „ספּלין״, וועלכן ער דריקט אויס אין אַ גרויסער צאָל פון זיינע „בלומען״.

„ספּלין״, ווי באָדלער האָט אים איבערגעלעבט, איז געווען אַ מין פאַרכמורעטער שלייער, פון כעס אויסגעוועבט אויפן פּרוכת פון זיינע איבערלעבונגען. אַ בייזע מרה־שחורה, דורך וועלכער ער האָט זיך גע־ראַנגלט, כדי צו דערגיין צום אידעאַל. די גרויסע לאַנגווייליקייט, וואָס באָדלער האָט געפילט, אַז זי באַזעצט זיך אין זיין געמיט, דער ספּלין, וועלכן ער האָט פאַרטיפט און דערמיט באַנייט אין זיין שטרעבן צום אידעאַלן, איז דערגאַנגען צו אַ נייעם מעטאַמאָרפאָז.

זשאַק קרעפּע, איינער פון די וויכטיקסטע ביאָגראַפן פון באָדלערן, מיינט, אַז ספּלין דערפירט צו שנאה, צו קראַנקהאַפטיקייט, אַפילו צו דער־שטיקונג.

מען קען נישט זאָגן, אַז ליטעראַטור־היסטאָריקער האָבן באַהאַנדלט באָדלערן צו מילד. דעגראַנזש, אַ שווייצאַרישער ביאָגראַף, שטעלט זיך גאָר נישט אָפּ אויף די פיזישע ווייטאָגן און דער מוראדיקער מידקייט, וואָס דער פּאָעט האָט געקענט פילן און ער זאָגט: „מיר געפינען דאָ די טרויעריקייט פון אַ בלאַזירטן און דעם עקל פון אַן אָפּיאָמאַן״. ראָבערט

וויוויע אָבער זאָגט: „דער ספּלין פון באָדלערן איז נישט טרויעריקייט, נישט פאַרצווייפלונג, נישט לאַנגווייליקייט, ער האָט עפּעס פון אַלע די צושטאַנדן צוזאַמען און דעריבער ביטערער ווי טרויעריקייט, פינצטערער ווי ייאוש, שאַרפער ווי לאַנגווייליקייט, פון וועלכער ער אַנטלויפט, אַזוי צו זאָגן, כדי צו קומען צו אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט. דאָס געפיל שטאַמט פון געדאַנק און פונעם פאַרלאַנג נאָכן אַבסאָלוטן. היות אָבער דער דיכטער געפינט נישט עפּעס, וואָס איז דערצו געגליכן, האָט ער פון דער דאָזיקער צעבראָכענער שטרעבונג, אַרויסקריסטאַליזירט עפּעס וואָס איז האַרב און געשפּאַנט".

און פון דער אַנדערער זייט, גיט עס צום אומברחמנותדיקן געפיל פון דער אינערלעכער ליידיקייט און פון דער שטורעמדיקייט פון זיין טעמפּעראַמענט נאָך צו דאָס געפיל פון אייביקער פאַרשאָלטנקייט, פון ליימונג אָן אַ תרופה. פאַרלירנדיק אין דער זעלבער צייט אי די האָפע־נונג אי די רעזיגנאַציע, איז דער ספּלין אַ מין אומבאַוועגלעכע שרעק־ביטווענדיקייט, וואָס מ׳קען זי נישט רירן.

אונטער אַ טויטלעכן געוויכט דערשלאָגן,
וועט מיין יוגנט וויאַנען,
דער עקל אין מיר פאַראַנען, שטיקט
פון לעבן ניט און ניט פון טויט דערדריקט.

„דער פּאָעט, האָט דזשאָן קיטס געזאָגט, האָט נישט קיין אידענטיטעט. אויב ער באַגעגנט זיך מיט פאַרשידענע כאַראַקטערן אין איין שטוב, ווערט ער יעדער פון זיי". באָדלער, וועלכער איז, לויט רעמבאָ, „דער ערשטער זעעוודיקער", „אַן אמתער גאָט", האָט באמת געוואָלט דורכ־דרינגען אַלע וועגט, כדי אויסצוברייטערן און צו סאָרטירן די רשימה פון די פּערצעפּציעס, וואָס האָבן אים איבערגעפלייצט ווי אַ ים, וועלכן ער איז נישט בכוח געווען זיך אַנטקעגן צו שטעלן כדי צו רעגיסטרירן „די קאָרעספּאָנדענצן". (שייכותן).

דאָס דאָזיין פון אָפּוועזנהייט פון נאַכט, די רעאַליטעט פון אומרעאַ־ליטעט, אַ רעאַליטעט פון אָרגאַניזם פון פאַרבן, פון קלאַנגען, פון איבער־

שאַרל באָדלער

**לעבונגען, וואָס סימבאָליזירן, וואָס מאָדיפיצירן איינס דאָס צווייטע. פּער־צעפּציע האָט אין זיך אַן עיקרדיקע כוונה און אַן עיקרדיקע סופיקייט, לויט רילקע.**

## ספּלין 125

פּאַרדעגנט, געווייצט אַנטקעגן דער גאַנצער שטאָט,
פון איר קוואַל ברויזט אין כוואַליעס, אַ גרויסע
אַ פינצטערע קעלט
פאַר תושבים פון בית־עולם נאָענט
אויף נעפּליקער פאַרשטאָט ווי שטערבלעכקייט קוועלט,

מיין קאַץ אויפן איוון זוכט אַ מקום מנוחה
צעקראַצט איר מאָגערן גוף
די נשמה פון אַלטן פּאָעט שפּרייזט אין זאַוויערוכע
מיט אַ טרויעריקן קול פון אַ פאַנטאָם אין אייז!

די קאַטערינקע קלאָגט זיך און דער קלאָץ פאַררויכערט
באַגלייט אין פאַלסעטאָ אַ פאַרקאַטערטן אומרו
שמוציקע ריחות פון פאַטאַלער ירושה
אין וואסער־אַנגסט שפּילן דער שיינער וואַלעט
מיט דער דאַמע פּיק, נאָר די קאָרטן פלוידערן פינצטער
פון אַמאָליקן, פאַרבאָרגענעם גליק...

# סאָציאַלע מאָטיוון

## דער אומפאַרבעסערלעכער

צי קען מען חרטה דערשטיקן
וואָס לעבט אַזוי לאַנג, אַזוי אַלט
באַוועגט זיך און נאָגט, ווערעם וואָס נערן זיך קאַלט
פון די טויטע, ווי די לאַרווע, וואָס פלאָגט די קאָרע פון דאָמב
אָן מחילה, חרטה ווער קען דערשטיקן ?

אין וועלכער תרופה, מיט וועלכן זייער, אין וועלכן וויין ?
וועלן מיר נערן דעם שונא דעם אַלטן
וואָס צעשטערט, וואָס איז טייער,
מיט דער געדולד פון מוראַשקעס ?
אין וועלכער תרופה, אין וועלכן וויין, דורך וועלכן זייער ?

צויבערין שיינע, זאָג אויס, אויב דו ווייסט
אַט דעם גייסט דערטרונקען אין אַנגסטן
פון געמימתטע געשטיקט ער פאַרגייט
פון פערד די פאָדקאָווע ער זעט,
זאָג אויס, צויבערין שיינע, זאָג, אויב דו ווייסט

אַט דעם גוססדיקן, וואָס דער וואָלף שוין דערשפירט
און די ראָב איבערוואַכט דעם סאָלדאַט
שוין געטראָפן, מוז שטאַרבן ער אין ייאוש, אָן קבורה, אָן אַ קרייץ,
מן הצד ?

דעם, וואָס גוססט און דער וואָלף שוין דערשפירט !
און די ראָב איבערוואַכט, דעם סאָלדאַט שוין געטראָפן,
צי קען מען באַלויכטן אַ הימל בלאָטיק און שוואַרץ ?

די האָפענונג וואָס גליט אין שויב פון אכסניה,
פאַרלאָשן און טויט שוין אויף תמיד,
אַ לבנה אָן אַ שטראַל, ווו געפינען אַ צושפאַר, אַן עמוד
פאַר מאַרטירער כאָטש נאָר אויף אַ ווייל?
דער טייוול האָט לאַנג שוין פאַרלאָשן דאָס פייער
אין שויב פון אכסניה
פון רעכטן וועג אַראָפּ, צויבערין שיינע,
די פאַרשאָלטענע ליבסטע, די ניט צו פאַרגעבן,
קענסטו חרטה מיט שפיצן פאַרסמטע
געקערעוועט גלייך צום ציל פון אַ האַרץ?
צויבערין געטלעכע, דו ליבסט די פאַרשאָלטענע.

דער אומפאַרבעסערלעכער קראַצט מיט פאַרגיפטעטן צאָן
אונדזער נשמה, טרויעריקער בנין,
קראַצט דער אומפאַרבעסערלעכער מיט פאַרגיפטעטן צאָן...!

**דאָס אויבן געבראַכטע ליד מיטן טעם פון חלל ווייזט, אַז ער האָט פאַרגעסן די מאָדע און זינגט נאָר דעם ייאוש.**

**גלויבט ער אין גאָט און דינט דעם שטן. גלויבט ער באמת? מיר האָבן, דאַכט זיך, שוין ציטירט אַ בריוו צו זיין מוטער, ווו ער פאַרזיכערט איר ווי גערן ער וואָלט געוואָלט גלויבן, אַז עמעץ דאָרט אויבן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין גורל. אָבער ווי אַזוי?**

**בייראָניזם איז אויך נישט פּאַסיק פאַר אים. בייראָן האָט געהאָט טענות צו גאָט און האָט מיט גאווה אָנגענומען די שטראָף פאַרטריבן צו ווערן פון גן־עדן. ער לייקנט נישט די נאָסטאַלגיע נאָכן הימלישן גאָרטן, אָבער אַדאַ׳ס פּנים איז פאַר אים אַ סך שענער און ער קוקט אַזוי לאַנג און איינגעשפּאַרט דערויף, ביז עס קומען אים די טרערן אין די אויגן.**

*

**דער סאַטאַניזם וואָס איז פאַרשווונדן בשעת דער רעוואָלוציע האָט זיך ווידער באַוויזן אין יאָר 1840 מיט אָרגיעס און עקסצעסן. עניד**

סטארקיע, די אויסגעצייכנטע קענערין פון דער פראַנצויזישער ליטע־ראַטור, האַלט, אַז דער סאַטאַניזם ביי באָדלערן איז נאָר געווען אַ מין אָנשטעל. פון דעסטוועגן האָט באָדלער דערלעבט און געשטאַלטיקט די ווירקלעכקייט, די וועלט.

„וואָס איז דער פּאָעט, אויב נישט אַן איבער־זעצער, אַן אַנטציפערער?"

אין „נייע נאָטיצן איבער פּאָ" מיינט באָדלער, אַז פּאָעזיע איז די אַספּיראַציע צו העכסטער שיינקייט, מאַניפעסטירט אין ענטוזיאַזם און אין דערהויבונג פון דער נשמה...

## בין־השמשות צומאָרגנס

דיאַנאַ האָט געזונגען אין הויפן פון קאַסערנעס
דער ווינט פונעם מאָרגן האָט געפייפט פון לאַמטערנס
אין דער שעה ווען דער זאַפּט פון חלומות בייזע
דאָס קישן רייסט פון שטערנס, ניט דערוואַקסענע, ברוינע,
פון יונגע לייט,
ווי אַ בלוטיק אויג דער לאָמפּ זיך וויגט אַריין אין טאָג

אַ רויטער פלעק פאַרבאָרגן נאַכט,
ווי אַ פּנים אין טרערן, וואָס ס'טרוקנט דער ווינט,
די לופט פול מיט ציטער איז פון זאַכן אין אַנטלויף,
ער איז צו שרייבן צו מיד, און זי צו ליבן אַצינד.

פון הייזער דאָ און דאָרט אַ רויך זיך באַווייזט
די פרוי פון פאַרגעניגן מיט ברעמען פון בליי
מאַגער און פרייַ די ברוסט
דער ווינט אויף די שטיינער בלאָזט, אויף די פינגער פאַראייזט.

דאָס איז די שעה צווישן עבודה און קעלט
אין חבלי לידה פון דער פרוי די ליידן זיך פאַרשווערן,

שאַרל באָדלער

ווי דער כליפּ פון אַ שניט,
דער קריי פון אַ האָן לאָזט זיך הערן
פון ווייט אין בלוטיקן שוים, אין טראַנס פון אַ טרוים,

אַ ים פון כמאַרעס די מויערן באָדט, אין קלויסטער־שפּיטאָלן
דעם לעצטן סאָפּ לאָזן אַרויס די קראַנקע אין גוססן
הולטאַיעס קומען אַהיים מיט צעבראָכענע העוויות
אין געוואַנד גרין און ראָז ציטערנדיק דאָס מאָרגנגרוי

פּאַמעלעך זיך נענטערט צו דער סיין דאָרט פּאַרלאָזן
ווי דאָס טונקעלע פּאַריז די אויגן רייבט אויס
די מכשירים אין האַנט גייט אַ זקן געבויגן.

**באָדלער איז אַלט געווען 22 יאָר, ווען ער האָט געשריבן די נאָר־וואָס געבראַכטע פּאָעמע. אַ פּאַרטאָג אין פּאַריז, וואָס ברענגט אַ נייע נאָטע, אַ קוים דערוואַכנדיקער ריטם פון דער גרויסשטאָט מיט אַ סאָציאַלן אַראָמאַט.**

## בין־השמשות אין אָוונט

דער אָוונט פול צויבער, דער פריינד פון פאַרברעכער
זיך נענטערט אַ וואָלף מיטן שפּאַן פון אַ קומפּאַן
פּאַמעלעך דער הימל שלייכט איבער דעכער
אַ חיה ווילד, דער מענטש הויבט אָן זיין הוויה.

אָ אָוונט, ליבלעכער אָוונט, געבענטשט נאָר פאַר דעם
וואָס ערלעך קען זאָגן, היינט האָט מיין האַנט איר אַרבעט געטאָן,
אין אַ היים דער אָוונט וואָס היילט די נשמה,
פון ווייטיק געפּייניקט, דער מתמיד, דער חכם מיטן שטערן צעגליט
אין זיין בעט זיך געפינט דער אַרבעטער מיד.

**מלכה לאָקער**

בני וביה אין דער לופט, די קראַנקע דעמאָנען
זיך גריילעך דערוועקן, הויבן אָן ווי טויבן
דעם וועטער־האָן פֿאַרשטילן, און שויבן צו ברעכן,
ווי מוראַשקעס זיך מישן פֿוילע פֿאַרברעכן,
די גנבות זיך פֿולן אין ציטעריקן ווינט

די פּראָסטיטוציע אויף דער גאַס זיך פּלוצימדיק צינדט.
אומעטום ברעכט זי דורך אָקולט זיך אַ וועג,
דער שונא, וואָס טרייבט און שלאָגט אין געיעג
ווי אַ וואָרעם, וואָס רויבט דאָס ברויט פֿון אַ תם,
זי רייניקט די שטאָט פֿון ברודיקן שלאַם,

מען הערט דאָ און דאָרט, די קיכן וואָס זידן
טעאַטער וואָס בילן, אָרקעסטער וואָס שפּילן
„טאַבל ד׳האָט״, זי לאָקט מיט שפּיל און הנאה
די פּרויען פֿון גאַס, די גוינערס, גנבים
וואָס קענען ניט רחמים און ניט קיין מנוחה
אויך זיי הויבן אָן די בייזע פּעולה
צו צווינגען בלחש, די טירן, די קאַסעס,
אַ פּאָר טעג נאָר צו לעבן צו באַקליידן די זונות.

זיך שטאַרק מיין נשמה אין דער מינוט דער שווערער
דיין אויער פֿאַרשליס פֿאַר דעם בייזן געבריל,
דאָס איז די שעה ווו די ווייטאָגן פֿון קראַנקע זיך מערן
די פֿינצטערע נאַכט, וואָס וואָרנט אין דער שטיל
און עפֿנט דעם חלל פֿאַר דעם סוף נאָר אָן טרערן

ניט איינער וועט מער ניט קומען
דעם זופּ צו פֿאַרזוכן מיט אַ ליבער נשמה
אין וואָרעמען חדר צו מאַכן אַ ברכה...
און דער רוב נאָך פֿון זיי האָט קיינמאָל ניט געקענט
קיין מקום־מנוחה פֿון שטילע פֿיר ווענט.

הגם באָדלער האָט געזען אין פּאָעטישן טאַלאַנט אַן איבערנאַטירלעכע קראַפט, איז פּאָעזיע פאַר אים געווען דאָס רעאַלסטע, וואָס איז פאַראַן. די נאַטור, די וועלט איז אַ היעראָגליפיש ווערטער־בוך און דער פּאָעט דאַרף זיך פאַרנעמען די היעראָגליפן צו לייענען און אויסצוטייטשן. זיינע סאָציאַלע פּאָעמעס זענען ווייט דערפון צו דערפירן צו אַ מוסר־השכל. ער שטעלט אַוועק אַ בנין. ער פאַרטייטשט אים נישט. ווייל לויט באָד־לערס עסטעטישער תורה דאַרף די פּאָעמע פאַר אַלעמען ווערן דעפּערזאָ־ניפיצירט. דעפּערזאָניפיצירן די פּאָעמע הייסט טראַנסצעדענטירן, הייסט זי ארויספפירן אויפן ווייטן שליאַך פון אוניווערסאַלן. באָדלער האָט אין אין זיינע אויספאָרשונגען פון פאַריז, מיט איר אויבערוועלט און אונטער־וועלט, געוויס געזען, אַז עפּעס שטימט נישט „אין קעניגרייך דענעמאַרק״. אָבער ער האָט זיך באַגרענעצט מיטן זען די זאַכן און זיי געשטאַלטן. די סימפּאַטיע וואָס ער האָט געפילט צו ליידן פון די ליידנדיקע קומט צום אויסדרוק אין זיין אופן צו דערגיין דעם סוד פון לעבן. דער פאַרלאַנג צו אַנטפּלעקן איז דאָך דאָס, וואָס טרייבט אונדז אויסצוהאַלטן. ער האָט געוואָלט, ווי ער זאָגט דאָס ערגעץ־ווו, זיך אַריינוואַרפן אין דער מאַסע פון די אומגליקלעכע, צונויפמישן זיך מיט דעם וואָס ער רופט אַן מענטש־לעכע נאַטור, כדי צו פאַרשטיין די רעטעניש פון לעבן.

סוף כל סוף, וואָס זענען „די בלומען פון בייז״ אויב נישט אַ פּרווו צו וועלן פאַרשטיין און אפשר פאַרענטפערן דאָס, צו וואָס עס איז קיין ענטפער נישטאָ?

ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז שיינקייט איז אַ באַגריף, וואָס לאָזט זיך נישט אויסטייטשן אויף אַן אַלגעמיין אָנגענומענעם אופן און אַז דער וואָס איז דערגאַנגען צו וויסן, ווייס, אַז ער האָט עס דער־גרייכט אויף זיין אייגענעם חשבון און באַצאָלט טייער דערפאַר.

## דער טויט פון די אָרעמע

דער טויט איז עס, וואָס טרייסט
נעבעך, מיט טרייסט, וואָס מאַכט לעבן,
מיט איינציקער האָפענונג, זין פונעם לעבן
עלעקסיר, אונדז פאַרשיכורט אין שטרעבן,

## מלכה לאָקער

האָרץ צוצוגעבן צו גיין ביז צום שוואַרץ
פון דער נאַכט.
אַנטקעגן דעם שטורעם, דעם שניי און דעם גליווער,
האָריזאָנט שוואַרצער מיט ליכטער פאַרציטערט,
באַרימטע אכסניה אין ספר פאַרשריבן
עסן און טרינקען און ניט ווערן פאַרטריבן.

אַ מלאך וואָס האַלט אין פינגער מאַגנעטיש
מתנות פון שלאָף, פון חלום עקסטאַטיש
וואָס בעט אויס די בעטן פאַרן נאַקעטן נפש
דאָס איז די גלאָריע פון די אַלע געטער

און האָב און גוטס אַזוי טייער, די היים די אַנטיקע
מיט טויערן אָפן און הימלען אומגעהייער
זיי לאָקן נאָר שטיל און לאָקן בשתיקה...

דער יצר הרע פון פערצעפציע טרייבט באַדלערן צו דערגיין דעם סוד פון פאַריז, טרייבט איבער גאַסן, בולוואַרן, לאַבירינטן, בלינדע געסלעך! ער האָט אַנטפּלעקט די דעמאָנען, וואָס שפּילן אין די „קינסטלערכע גן־עדנס”, אָבער אויך די סיבות וואָס טרייבן די פאַרלוירענע, די פאַרלאָזענע, די פאַרשפּילערס אין לעבן — דאָס אַלץ האָט ער געקענט און דערקענט פון זיין אייגענעם לעבן — אָבער נישט נאָר דעם סוד פון פאַריז האָט ער געוואָלט דערגיין, דער סוד פון לעבן אַליין האָט אים געמאַטערט. אין סאַמע פרילינג פון לעבן גיט ער אונדז די „נבלה”, די מוראַדיקע באַטראַכטונג פון סוף פון כל אדם, וואָס מען וואָלט פון דעם דעמאָלטדיקן דענדי נישט דערוואַרט. אויב די טעג פון דענדיזם זענען וויט הינטער אים, האָבן „די בלומען פון בייז” פאַר אים אויפגעדעקט מאָדנע פּערספּעקטיוון. די נויט, די טאָג־טעגלעכע און יענע וואָס קריכט אַרויס ביי נאַכט פון די מויז־לעכער. דער סוד פון פאַריז האָט אַנטפּלעקט מאָדנע סודות פאַר אים... ער האָט בלויז געטראַכט ווי אַזוי פאַרטיק צו ווערן

מיט דער שרעק, וואָס זיין וויזיע האָט פאַר אים אויפגעדעקט טאָג און נאַכט. ער האָט זיך אויך באַקענט מיט דער ממשותדיקער אָרעמקייט דורך דער פריינדשאַפט מיטן פּאָעט דיפּאָן, וועמענס סאָציאַלע לידער האָבן אויף אים געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק און וואָס זענען געפאַלן אויף אַ פרוכט־באַרן באָדן.

אויך זיינע באַציונגען מיט קורבע און בפרט צו דאָמיע האָבן צוגע־טראָגן צו באָדלערס אַנטפּלעקונג פונעם סאָציאַלן פּרצוף פון פּאַריז.

מיט דאָמיע האָט באָדלער געטיילט געפילן פון קעגנזייטיקן דרך־ארץ. דאָמיע האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט ניט נאָר דעם פּאָעט באָדלער נאָר אויך דעם מאָלער, וואָס באָדלער איז פּאָטענציעל געוועזן.

עס איז נישט אַזוי לייכט אַרומצונעמען די פּענאָמענען פון לעבן, די פּענאָמענען פון געשיכטע, אַפילו נישט דורך איינעם, וואָס איז אַ זעער. הגם ער זעט זיי אַלע, די שלעפּעריקע, די מידע, און אין בלויען פאַר־טאָג די גאַסן־מיידלעך, די אַלפּאַנסן און דעם אָרעמען זקן, וואָס גייט צו דער אַרבעט מיט די מכשירים אין דער האַנט. דער גרויסער נייך, וואָס האָט געהויערט איבער באָדלערס לעבן, האָט דאָמינירט אַלע זיינע אימ־פּולסן, האָט באַשטימט אַלע זיינע האַנדלונגען. ער איז געשטאַנען אין צייכן פון אָפּאָזיציע. ער האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגעקערט פון דעם, וואָס האָט געקענט אויסזען פאַר אים לטובה. ער האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרשאָלטענער און האָט זיך גענומען זינגען די תוכחה.

„ליטעראַטור מוז קומען פאַר אַלעמען, פאַר מיין הונגער, פאַר מיין פאַרגעניגן, פאַר מיין מוטער". אַזוי רעדט אַ דינער צום ליכט, אַ באַזע־סענער, וואָס איז אויסן צו דערגיין און מגלה צו זיין דעם סוד און דעם יסוד פון אַלץ, וואָס איז כדאי...

דער ראָמאַנטיקער באָדלער האָט זיין אייגענעם ראָמאַנטיזם און דער־קלערט אים אויף זיין אופן. ער איז קעגן דער באַרעדעוודיקייט, צעשוווי־מענקייט, און סענטימענטאַליטעט פון אַ ראָמאַנטיקער.

די ראָמאַנטיקער האָבן געזוכט דאָס אויסערלעכע, אָבער נאָר אינע־ווייניק איז מעגלעך עס צו געפינען.

# קאָנסטאַנטין גייס

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז באָדלער האָט פעסטגעשטעלט דאָס פאַרבייגייענדיקע פון דער תקופה און דאָס בייזע פון יאָרהונדערט. פון פאַריז. און גראָד דאָס האָט ער געוואָלט געשטאַלטיקן, געבן פאָרעם דעם פאַרבייגייענדיקן. ...„אָט דער איינזאַמער, באַשאָנקען מיט אַן אַקטיוון דמיון, שטענדיק אויף דער נסיעה איבער דעם גרויסן מדבר פונעם מענטש, האָט העכערע צילן ווי אַ ליידיק־גייער. זיינע צילן זענען אַלגע־געמיינערע, אַנדערע ווי דאָס פאַרביילויפנדיקע פאַרגעניגן פון דעם גע־געבענעם... עס האַנדלט זיך פאַר אים אויסצושיילן פון דער מאָדע דאָס, וואָס זי קען אַנטהאַלטן פון דעם סוד פון פאָעזיע און פון דער געשיכטע, אַרויסצוציען דאָס אייביקע פונעם פאַרבייגייענדיקן...״ אָט די דאָזיקע כאַ־ראַקטעריסטיק וואָס באָדלער גיט פאַר קאָנסטאַנטין גייס, צי פאַסט זי נישט פאַר אים אַליין ?!

אָבער נישט אין קרים, נישט אויף די שלאַכט־פעלדער פון 1854—1856, האָט באָדלער געזוכט דאָס וועזנטלעכע, דאָס גורלדיקע פונעם מענטשלעכן גיהנום, נאָר דאָ אין פאַריז, אין דער הויפטשטאָט פון לאַנד, פון יעדן לאַנד. צי קומט די אינספּיראַציע פון גאַספאַר דע לאַ נוואַי ? באָדלער האָט געחלומט צו אַנטדעקן די טונקעלע געזעצן, אַ דאַנק וועלכע די פּאָעטן האָבן געשאַפן, כדי צו ציען פון דער דאָזיקער אַנט־פּלעקונג אַ ריי כללים, וואָס זייער געטלעכער צוועק זאָל זיין די אומ־פעלבאַרקייט פון דער פּאָעטישער שאַפונג. דעריבער קען פּאָעטישע אינס־פּיראַציע זיין „די קאָמפּענסאַציע פון דער טעגלעכער באַטראַכטונג״, פון טעגלעכער פאָרשונג. דאָס בייזע פון פאַריז, דאָס בייזע פון יאָרהונדערט, קלייבט באָדלער, ווי אַן עולה־רגל, ווי אַן אייביקער בעל־תשובה. ער וואַנדערט טאָג און נאַכט איבער די גאַסן פון פאַריז, פאָרשנדיק, זוכנדיק, זעענדיק. נישט ווייטע האָריזאָנטן זוכט ער, נאָר גאַנץ נאָענטע. ער זוכט דעם תהום, דעם תהום אין זיך אַליין.

די קריטיק, זאָגט שאַרל באָדלער, רירט אָן אין יעדן מאָמענט די גרענעצן פון דער מעטאַפיזיק. און אויב די מאָלעריי האָט זינט 1845—1859 דורכגעמאַכט אַן אַנטשיידנדיקע עוואָלוציע, איז דאָס אַ דאַנק באָדלערס אָפּשאַצונגען, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף די פאַראַנענע עלע־מענטן פון פאַרב, ליניע און טעכניק. זעענדיק מיט די אויגן פון אַ וויזיאָ־נער, דריקט ער אויס אויף דער מאָלעריי די פילאָזאָפיע פון אַ וויזיאָנערער קאָנצעפּציע, פון שאַפונג. ובכן נישט דאָס ריין טעכנישע איז דער עיקר. נישט דאָס שטייט אויפן ערשטן פּלאַן, נישט די ליניע און פאַרב זענען די ערשטע פאַקטאָרן, נאָר די קאָנצעפּציע, וועלכע דער מאָלער האָט פון דער וועלט און די סיטואַציע פונעם מענטשן אין איר.

„אַ בילד, זאָגט באָדלער, איז אַ מאַשין אין וועלכער אַלע סיסטעמען פון קאָמפּאָזיציע זענען דערקענבאַר פאַרן געאיבטן אויג, ווו יעדער פּרט האָט זיין באַרעכטיקונג, אויב דאָס בילד איז גוט און יעדער טאָן אין איר איז שטענדיק געפּלאַנט אַרויסצונעמען דאָס בעסטע פון צווייטן, ווו אַ געלעגנטלעכער פעלער איז אַמאָל נויטיק, כדי נישט מקריב צו זיין עפּעס וואָס איז מער וויכטיק...״

כדי נאָך אַמאָל פאַרשטענדלעך צו מאַכן זיין צוגאַנג צו דעלאַקרואַ, ציטירט באָדלער היינריך היינע: „אין דעם ענין קונסט, זאָגט היינע, בין איך אַ סור־נאַטוראַליסט. איך גלויב, אַז דער קינסטלער קען נישט געפינען אַלע זיינע פאָרמען אין דער נאַטור. די וווּנדערלעכסטע זאַכן ווערן אים אַנטפּלעקט אין זיין נשמה, ווי אַן איינגעבוירענע סימבאָליק פון אידעען אין דער זעלבער צייט. אַ מאָדערנער פּראָפעסאָר פון עסטע־טיק, וואָס האָט געשריבן „איטאַליענישע פאָרשונגען״, האָט געוואָלט צוריק אויפהויבן דעם כבוד פון אַלטן פּרינציפּ פון אימיטירן די נאַטור און באַווייזן, אַז דער פּלאַסטישער קינסטלער וואָלט געדאַרפט געפינען אין דער נאַטור אַלע פאָרמען. דער דאָזיקער פּראָפעסאָר, אויסדריקנדיק אויף דעם אופן זיין העכסטן פּרינציפּ פון פּלאַסטישער קונסט, האָט בלויז פאַרגעסן איינע פון די דאָזיקע קונסטן, און איינע פון די וויכטיקסטע, דהיינו די אַרכיטעקטור. אַ פאַרשפּעטיקטער פּרווו איז איצט געמאַכט געוואָרן צו געפינען שפּורן פון אַרכיטעקטור אין די בלעטער פון צווייגן

אין וואַלד, אין די היילן פון פעלדזן. אָבער די דאָזיקע פאָרמען זענען נישט געווען אין דער אויסערלעכער נאַטור; זיי געפינען זיך אָבער אָן שום ספק אין דער מענטשלעכער נשמה..." היינע, וועלכער איז זיכער געווען מער געזעלשאַפטס־ ווי קונסט־קריטיקער, האָט מיט די עטלעכע ווערטער געוויזן ווי לעבעדיק ער איז געווען און ווי קאָמפּעטענט אין ענינים פון קונסט, ער האָט געוויזן דעם וועג צום סור־רעאַליזם.

„דעלאַקרואַ, זאָגט באָדלער, גייט אַרויס פונעם פּרינציפּ, אַז אַ בילד דאַרף קודם־כל רעפּראָדוצירן דעם אינטימען געדאַנק פונעם אַרטיסט, וואָס דאָמינירט איבערן מאָדעל, אַזוי ווי דער באַשעפער איבער דער שאַפונג. און פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ דרינגט אַרויס אַ צווייטער, וואָס זעט אויס אויפן ערשטן בליק ווי אַ ווידערשפּרוך צום פריערדיקן, דהיינו, אַז דער קינסטלער מוז זיין זייער פּאָרזיכטיק בנוגע די מאַטעריעלע מיטלען פון דער אויספירונג. ער גלויבט אין אַ פאַנטאַסטישער וויכטיקייט פון דער ריינקייט פון זיינע מכשירים ביים צוגרייטן די עלעמענטן פון זיין ווערק. באמת, אַזוי ווי די מאַלעריי איז אַ קונסט פון טיפע באַטראַכטונגען און פאַרלאַנגט דעם תיכפדיקן צוזאַמענשטויס פון אַ מאַסע פון פאַרשידענע קוואַליטעטן, איז וויכטיק אַז די האַנט וואָס נעמט זיך צו דער אויספירונג זאָל אָנטרעפן אַזוי ווייניק שטערונגען ווי מעגלעך, כדי אויסצופירן מיט דער גרייטקייט פון אַ דינסט די געטלעכע באַפעלן פונעם מוח".

אָט איז אַ בולטע פאָרמולירונג פון באָדלערס עסטעטישער דאָקטרין. אויסצופירן די געטלעכע באַפעלן פונעם מוח. „באָדלער, האָבן זיינע קריטיקער געזאָגט, האָט נישט ליב די נאַטור. ער אַליין האָט דאָס אָפט געזאָגט. איז דאָס מסתמא אייגער פון די פאַלן, ווי ער זאָגט דאָס אין זיין בריוו צו פלאָבערן, ווו ער נעמט זיך דאָס רעכט זיך סותר צו זיין זיך אַליין".

„די נאַטור איז אַ טעמפּל פון לעבעדיקע זיילן" — איז די ערשטע שורה אין זיין ליד „קאָרעספּאָנדאַנס" (שייכותן). איז דאָס אַ וואָרט וועגן דער איבער־נאַטור, וואָס זוכט פון דעסטוועגן אַריינצודרינגען אין איר אינעווייניקסטער קאָמפּלעקסיטעט. דאָס איז דווקא געווען באָדלערס הויפּט־טענה צו די קלאַסיקער, אַז זיי זעען נאָר די נאַטור פון דרויסן. ווען

באָדלער רעדט וועגן פאַרב אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מאַלעריי, לאָזט זיך לייכט דערקענען וואָס ער האָט געפילט וועגן דער נאַטור. „דאָס בלוי, דאָס הייסט דער הימל, איז דורכגעשניטן דורך לייכטע ווייסע וואָלקנס, אָדער דורך גרויע וואָלקנס, וואָס פאַרפלייצן צום גליק די טרויעריקע רויקייט. און אַזוי אויך די פאַרע פון דעם ווינטער אָדער זומער־סעזאָן, וואָס באָדט זי, מילדערט אָדער דערטרינקט די קאָנטורן, אַזוי איז די נאַטור ענלעך צו אַ דריידל, וואָס באַוועגט זיך דורך אַ פאַר־גיכערטער געשווינדיקייט און זעט אונדז אויס גרוי, הגם זי נעמט אין זיך אַריין אַלע קאָלירן".

„דער זאַפט שטייגט און מישט די פרינציפן, און אַנטוויקלט זיך אין געמישטע טענער; די בוימער, די פעלדזן, די גראַניטן שפיגלען זיך אָפּ אין די כוואַליעס און לאָזן דאָרט איבער די רעפלעקסן. אַלע דורכזיכטיקע אָביעקטן הענגען זיך אָן אין דורכגאַנג, ליכטער נאָענטע און ווייטע, אין דער מאָס ווי דער מאָרגנשטערן פאַרלירט זיך, בייטן די טענער דעם ווערט, אָבער האַלטן תמיד אויף זייערע סימפּאַטיעס און זייער נאַטירלעכע שנאה׳ס און לעבן ווייטער אין האַרמאָניע דורך קעגנזייטיקע קאָנצעסיעס. די שאָטנס פאַרשווינדן פּאַמעלעך, פאַריאָגן ביסלעכווייז פאַר זיך, אָדער לעשן אין גאַנצן אויס די טענער, אין דער מאָס ווי דאָס ליכט, אַליין שוין ערגעץ אַנדערש, לאָזט אויפקלינגען, און בעת זיי שיקן זיך צו זייערע רעפלעקסן, ענדערן זיי זייער קוואַליטעט..."

עס וואָלט זיכער כדאי געווען נאָך מער צו ציטירן, ווייל דאָס ווייזט אַזוי בולט וואָס באָדלער האָט פאַרשטאַנען אונטער „נאַטור". דאָס האָט פאַר אים געמיינט, ווי שוין דערמאָנט, אינעווייניקסטע נאַטור, דאָס אומ־אויפהערלעכע קאָרעספּאָנדירן פון אַלץ מיט אַלעמען. ער זעט דאָס ליכט אין שפּיל פון די פאַרבן, פון וואַסערן, פון מוזיק. און ער זאָגט: „דאָס שטודיום פון דער נאַטור פירט אָפּטמאָל צו רעזולטאַטן גאַנץ פאַרשידענע פון דער נאַטור".

# באַדלער און הוגאָ

..."וויקטאָר הוגאָ, שרייבט באָדלער, וואָס איך וויל זיכער נישט פאַרקלענערן זיין איידלקייט און מאַיעסטעט, איז אַ סך מער געשיקטער איידער אַ דערפינדערישער בעל־מלאכה, מער קאָרעקט ווי שאַפעריש. דעלאַקרואַ איז צומאָל אומגעשיקט, אָבער ער איז בעיקר שאַפעריש".

עס וועט זיין אַ ביסל לאַנג, הגם אינטערעסאַנט צו ציטירן די אַנאַ־לאָגיע ווייטער, בפרט אַז באָדלער איז מיט אַלע זיינע באַוואָרענישן, באַ־גאַנגען לגבי הוגאָ אַן אומרעכט. אָבער די באָדלערישע זיכערקייט אין אורטיילן איז אַזוי אינטערעסאַנט, אַז מיר ברענגען פון דעסטוועגן נאָך עטלעכע שורות:

..."הער וויקטאָר הוגאָ ברענגט אַריין אין אַלע זיינע לעצטע בילדער, אין די לירישע און דראַמאַטישע, אַ סיסטעם פון אָפגעמאָסטענע, אוני־פאָרמע קאָנטראַסטן. אַפילו די עקסצענטרישקייט נעמט ביי אים אָן סימעט־רישע פאָרמען. ער באַהערשט פולשטענדיק אַלע קלאַנגען פונעם גראַם, אַלע מיטלען פון דער אַנטי־טעזע, מיט אַלע טריקן פון דער קאָמפּאָזיציע. דאָס איז אַ קאָמפּאָזיטאָר פון דער דעקאַדענץ, אָדער פון איבערגאַנג, וואָס באַנוצט זיך מיט זיין געצייג מיט אַ געשיקטקייט באמת צו באַוואונדערן. אין דער אמתן איז הוגאָ געווען אַן אַקאַדעמיקער נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן..."

..."פאַר דעלאַקרואַ האָט זיך די גערעכטיקייט מער פאַרשפּעטיקט. זיינע ווערק זענען פּאָעמעס, גרויסע פּאָעמעס, נאַיִוו אויפגעפאַסט, אויסגעפירט מיט דער געווײנטלעכער העזה פון זשעני. אין די ווערק פונעם ערשטן איז איינגאַנצן גאָר נישטאָ וואָס צו טרעפן, ווייל ער האָט אַזוי פיל פאַר־געניגן אַרויסצווייזן זיינע מעלות, און לאָזט נישט אַרויס קיין בלעטעלע פון גראָז און נישט קיין רעפלעקס פון אַ גאַסן־לאָמטערן. דער צווייטער עפנט ריזיקע אויסבליקן פאַר דעם העכסט געוואַגטן דמיון..."

אַזוי גייט אָן אַ גאַנצע שורה פון פאַרגלייכן, וואָס זענען נישט לשבח פאַר הוגאָ, אָבער בדרך כלל האָט זיך די שטעלונג צו הוגאָ געביטן און אַפילו אַנדרע זשיד, ווען מען האָט אים געפרעגט ווער עס איז דער

גרעסטער פּאָעט אין פראַנקרייך, האָט געענטפערט: „צום באַדויערן וויק־טאָר הוגאָ". דאָס דאָזיקע „צום באַדויערן" איז די איינציקע הנחה, וואָס מען קען מאַכן צו באָדלערס אונטערשאַצונג פונעם מייסטער פון דער פראַנצויזישער ראָמאַנטישער פּאָעזיע.

אגב איז הוגאָ שטענדיק געשטאַנען ביי דער זייט פון אונדזער פּאָעט, ווען און אויב ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן פאַרפאָלגונגען פון דער אָפּי־ציעלער זייט. למשל, נאָכן פּראָצעס וועגן די „בלומען פון בייז", שרייבט וויקטאָר הוגאָ צום באַשטראָפטן פּאָעט: „דערלויבט מיר אייך צו גראַ־טולירן? איינע פון די וויניקע דעקאָראַציעס, וואָס דער איצטיקער רע־זשים קען געבן, האָט ער אייך געווידמעט. דאָס וואָס ער רופט אָן „זיין מאָראַל". דאָס איז די קרוין, מיט וועלכער איר זענט געקרוינט געוואָרן".

הוגאָס גרויסער טעות איז געווען וואָס ער איז געזעסן אויף דעם אינדזל גערנזיי און האָט נאָך אַלץ געשריבן ראָמאַנטיש, הגם דער ווינט האָט זיך פאַר דער צייט גענומען דרייען אין אַן אַנדער ריכטונג...

באָדלער האָט פון דעסטוועגן געווידמעט הוגאָן עטלעכע פּאָעמעס און הוגאָ האָט אויף דעם אויף אַ נאָבעלן אופן רעאַגירט.

די באַציונגען צווישן זיי זענען געווען פּראָבלעמאַטישע. באָדלער איז געווען אויפגעבראַכט פון הוגאָס אָפּטימיזם און זיין איינגעשפּאַרטן גלויבן אין פּראָגרעס. הוגאָס גאַנצע פּאָזיטיווע איינשטעלונג איז אים נישט געווען צום האַרצן. און אויך הוגאָס ענטפער אויף די אים צוגעשיקטע לידער האָט געמוזט אַרויסרופן ביי באָדלערן אַ מאָדנעם איינדרוק. הוגאָ שרייבט צווישן אַנדערן: „איך האָב קיינמאָל נישט געזאָגט: „די קונסט פאַר דער קונסט". איך האָב תמיד געזאָגט, די קונסט פאַרן פּראָגרעס. סוף כל סוף איז דאָס די זעלבע זאַך. פּאָרויס! דאָס איז דאָס וואָרט פון פּראָגרעס. דאָס איז אויך דער רוף פון דער קונסט. דאָס גאַנצע וואָרט פון דער פּאָעזיע ליגט אין דעם".

מיר קענען זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי די דאָזיקע נאַיווע לאָזונג האָט געווירקט אויף באָדלערן, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען פאַרנומען מיט זוכן און אפשר געפינען גאַנץ אַנדערע צוזאַמענהאַנגען...

און דאָך האָט דער זעלבער באָדלער, דער אויפריכטיקער און אמתער

באַוווּנדערער פון דעם, וואָס איז אמתדיק און עכט, געקענט שרייבן אין 1861, מסתמא נאָכן לייענען הוגאָס שפּעטערדיקע פּאָעמעס: „וויקטאָר הוגאָ איז פּרינציפּיעל געווען דער פּעיקסטער און דער בפירוש אויסדער־ ווײַלטער אויסצודריקן דורך פּאָעזיע דאָס, וואָס איך וואָלט אָנגערופן מיסטעריע פון לעבן... די מוזיק פון הוגאָס פערזן פּאַסט זיך צו צו די טיפע האַרמאָניעס פון דער נאַטור... ווי אַ סקולפּטאָר טעסעט ער אָפּ זײַנע סטראָפעס אין דער אומפאַרגלײַכלעכער פאָרם פון די זאַכן און ווי אַ מאָלער אילומינירט ער זיי מיט זייער אייגענער פאַרב. און גלײַך ווי זיי וואָלטן געקומען דירעקט פון דער נאַטור. דרינגען די דרײַ אימפּרע־ סיעס אַרײַן גלײַכצײַטיק אין מוח פונעם לייענער. פון דעם דרײַפאַכן איינדרוק דרינגט אַרויס די מאָראַל פון די זאַכן. קיין שום קינסטלער איז נישט מער אוניווערסאַל ווי ער, מער פעיק ווי ער זיך צו שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די כּוחות פונעם אוניווערסאַלן לעבן, מער נוטה זיך אָן אויפהער צו טובלען אין דער נאַטור. נישט נאָר דריקט ער אויס און זעצט איבער יעדן אות ריין און קלאָר: ער דריקט אויך אויס מיט אַן אומפאַרמיידלעכער טונקלקייט אַלץ, וואָס איז טונקל אָדער פאַרנעפּלט".

אין „סאַלאָן 1859" שרייבט באָדלער וועגן הוגאָס צייכענונגען: „די הערלעכע פאַנטאַזיע, וואָס שטראַלט אַרויס פון הוגאָס צייכענונגען, ווי אַ מיסטעריע, וואָס שטראָמט דורך די הימלען (איך רעד וועגן די צײַ־ כענונגען מיט כינעזישן טינט), ווײַל עס פאַרשטייט זיך אַליין אַז מ'מעג דערמאָנען, אַז אין דער פּאָעזיע איז אונדזער פּאָעט דער מלך פון די לאַנדשאַפט־מאָלער".

הוגאָ האָט אין אַ געניאַלער מאָס פאַרמאָגט בײדע קוואַליטעטן: סיי אורשפּרינגלעכע יצירה, סיי מלאכה. אגב האָט באָדלער אין אַ שפּעטער־ דיקער אָפּשאַצונג וועגן הוגאָ גערעדט אַנדערע דיבורים. אויך האָט ער, ווי מיר ווייסן, הוגאָן געווידמעט עטלעכע פּאָעמעס.

ובכן, באָדלער האָט זיך דורכגעראַנגלט ביז צו באַוווּנדערן הוגאָ און אויף זײַן אומבאַדינגטן אופן האָט ער דאָס אָפּטמאָל אויסגעדריקט. עס איז אָבער נישט צו לייקענען, אַז עפּעס איז אים בײַ הוגאָ נישט ניחא געווען...

# סוועדנבאָרג

אונטער סוועדנבאָרגס השפּעה הויבט באָדלער אָן צו באַטראַכטן די וועלט מיט אַנדערע אויגן. לויט סוועדנבאָרגן זענען מאַטעריעלע זאַכן קינדער פונעם גייסט. זיי זענען וואָרצלען, וואָס געפינען זיך אין דער וועלט פון גייסט. אין זיין פילאָזאָפיע האָט סוועדנבאָרג אָנגערופן די באַציונג פון די זאַכן דאָ אונטן צו דער אומזעבאַרער וועלט פון גייסט, קאָרעספּאָנדענצן (שייכותן). די זאַכן אין דער גייסטיקער וועלט קענען מיר נישט זען אַנדערש ווי דורך סימבאָלן דאָ אונטן. די זאַכן דאָ אונטן זענען בלויז סימבאָלן וואָס זענען דער אויסדרוק, די שפּראַך פון דער נאַטור, אַ היעראָגליפישע שפּראַך, ווו יעדע מאַטעריעלע פאָרעם דריקט אויס אַן אידעע. די דאָזיקע אידעען זענען אויסגעדריקט אין שפּראַכן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין אַלע דורות, נאָך איידער די מענטשן האָבן זיי אָנגעהויבן צו רעדן. לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג קען נאָר דער פילאָ־זאָף זען אַריבער די קאָנקרעטע זאַכן, אַריבער דער הוילער שאָלעכץ, ביז אין האַרץ פון די זאַכן.

באָדלער איז, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרכאַפּט פון אַזעלכע אידעען. ווי מיר ווייסן, איז ער שוין אין די קינדער־יאָרן געווען גענייגט צום אָקולטן (נסתרדיקן). זיין נייע מעטאַמאָרפאָזע, זיין רעליגיאָזיטעט איז אונדז באַקאַנט, הגם „טראַנסוועסטירט" (פאַרשטעלט). איצט נעמט ביי אים די אויבערהאַנט דאָס אַבסאָלוט גייסטיקע:

און אַט ווי איך קלייב די רעיונות פון האַרבסט
מוז מען נעמען אין האַנט דעם סערפּ און די קאָסע
צו זאַמלען די ערד איבערפלייצט פון פאַסעס,
וואָסער גראָבט קברים ווי פינצטערקייט שוואַרץ.

און ווער ווייסט, צי די בלומען ניי וואָס איך חלום
וועלן קיום געפינען אין ערד געוואַשן ווי ברעג,
די מיסטישע חיונה ווער ווייסט צי זי קלעקט?
אַ וויי־טאָג, אָ וויי־טאָג, די צייט מיין לעבן פאַרצערט

און דער פינצטערער שונא טיף אין אונדזער האַרץ
פון בלוט וואָס מיר טריפֿן, ער וואַקסט און זיך נערט.

„דער פרומער אַפּיקורס" האָט עמעצער אָנגערופן באָדלערן. ער קען נישט לעבן אָן גאָט און גלויבט אין אים אויף צו להכעיס. דעריבער איז „גאָט די איינציקע רעאַליטעט", ווי ער זאָגט דאָס אין „נייע נאָטיצן וועגן פּאָ".

„פּאָעזיע איז די אַספּיראַציע צו העכסטער שיינקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין התלהבות און דערהויבונג..."

דער פּאָעט מוז, לויט באָדלערן, דערגיין צו אַ פולשטענדיקער פאַרלייקענונג פון זיך אַליין, כדי צו קענען ווערן דער אינסטרומענט פאַרן קול פון דער אייביקייט. נאָר אַזוי קען ער ממשיך זיין דאָס ווערק פונעם באַשעפער און די שיינקייטן, וואָס זענען פאַר אים נתגלה געוואָרן, און אויף זיין אופן זיי מגלה זיין צו דער וועלט. די אינספּיראַציע דערלאָזט נישט, אַז דער פּאָעט זאָל קנעכטיש אימטירן. ער זעצט איבער זיין וויזיע אין זיין קינסטלערישער קאָמפּאָזיציע. בלויז פּאָעטן קענען פאַרשטיין די סימבאָלן פון דער נאַטור. און וואָס העכער ס'איז די מדרגה פון זייער גייסטיקייט, אַלץ בעסער זענען זיי מסוגל צו פאַרטייטשן און צו שאַפן די אימאַזשן, די מעטאַפאָרן, די אַנאַלאָגיעס און אַזוי אַרום צו דערגיין צו דער מיסטעריע פון לעבן.

מיר האָבן דערמאָנט סוועדנבאָרגס השפעה אויף באָדלערן. „די אוניווערסאַלע הימלען ווי יעדער טייל פון זיי איז געגליכן צו אַ מענטשן, ווייל זיי עקזיסטירן אין דער געטלעכער מענטשלעכקייט פונעם אַלמעכטיקן. פאַראַן אַ צוזאַמענהאַנג פון אַלע זאַכן אין הימל מיט אַלע זאַכן אינעם מענטשן. פאַראַן אַ קאָרעספּאָנדענץ (שייכות) פון אַלע זאַכן אין הימל מיט אַלע זאַכן אויף דער ערד" *) (ציטירט פון מאַנזעל דזשאָנס „דער הינטערגרונט צו פראַנצויזישער מאָדערנער פּאָעזיע").

*) P. H. Jones The Background to Modern French Poetry.

וועגן סוועדנבאָרגן, זיין השפּעה אויף בלייקן, האָבן מיר אָנגעוויזן אין בוך „פּני הרומנטיקה". ובכן, דער צווייטער — איך האָב כמעט געוואָלט זאָגן — קרבן איז געווען באָדלער. נישט דאָ איז עס דאָס אָרט צו רעדן וועגן נאָך מער אַנדערע.

סוועדנבאָרג האַלט, אַז יעדער אוניווערסאַלער הימל איז געגליכן צו איין מענטשן, וואָס רופט זיך דער גרויסער מענטש. מיט אַ קפּדנישער פּרעציזקייט באַווייזט ער, אַז אַלע גלידער פונעם מענטשן קאָרעספּאָנדירן מיט די גלידער פונעם „גרויסן מענטשן אין די הימלען".

באָדלערס פּאָעמע „קאָרעספּאַנדאַנס" זאָל אין איר גאַנצער העכסטער גייסטיקייט אָפּשטאַמען פון דעם ראַציאָנאַליזם פון אָט דער דאָגמאַטישער איבערצייגונג פון יענעם אויסגעצייכנטן וויסנשאַפטלער, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן אַ מיסטיקער, נאָר האָט נישט פאַרמאָגט קיין שמץ פון דעם פּאָעטישן צויבער, וואָס שטעלט מיט זיך אָפּטמאָל פאָר די צוציונג־קראַפט פון מיסטיציזם. אויפן זינען קומט פּאַסקאַל מיט זיין גאַנצער אומברחמנותדיקער האַרטקייט צו זיך און צו דער וועלט. ער וועט שטיין אַ סך נענטער צו באָדלערס פּסיכע ווי דער נאָרדישער נביא מיט זיין גאַנצער ראַציאָנעלער פּראָזאַיִק.

באָדלערס איינציקער געווינס ווייזט אונדז אויס צו זיין דאָס וואָרט „קאָרעספּאָנדענץ". מיר האָבן אויבן דערמאָנט בלייקן, וועמענס עלטערן זענען געווען „סוועדנבאָרגיאַנער" און בלייק אַליין האָט איינס פון זיינע וויכטיקסטע ווערק אָנגערופן מיטן זעלבן נאָמען, וואָס עס האָט געטראָגן אַ בוך פון סוועדנבאָרג, דהיינו „די חתונה צווישן הימל און ערד". אָבער שפּעטער איז ער פון אים אַוועק. אויך באָדלער איז געווען באַאיינפלוסט פון זשעראַר דע נערוואַל, און פון באַלזאַקן, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אַזאַ מאָדנער דערשיינונג. זייענדיק אַן אויסגעצייכנטער לאַטיניסט, האָט באָדלער אַפילו געקאָנט לייענען סוועדנבאָרגן אין אָרי־גינאַל — נישט וואַרטנדיק אַפילו אויף פראַנצויזישע איבערזעצונגען. זיכער האָט אויף אים געווירקט דער מאָמענט, וואָס סוועדנבאָרג איז דעמאָלט געווען אַזוי שטאַרק אין דער מאָדע, אַז מען האָט זיינע ווערק

פון אָפּיציעלער זייט פינאַנסירט און מען האָט געטראַכט, אַז מען גייט אַראָפּוואַרפן יעזוסן פונעם פּיעדעסטאַל.

די בולטסטע השפעה ווייזט זיך אַרויס אין דער פּאָעמע „קאָרעס־פּאָנדענצן".

## קאָרעספּאָנדענצן (שייכותן)

די נאַטור איז אַ טעמפּל פון לעבעדיקע זיילן,
וואָס לאָזן אַרויס צומאָל קאָנפוזע שטימען,
דאָרט שפּרייזט דער מענטש אַדורך וועלדער פון סימבאָלן
וואָס באַטראַכטן אים מיט בליקן גאָר אינטימע

ווי עכאָס לאַנגע וואָס מישן זיך פון ווייט
אין אַ פינצטערער און טיפער איינױקייט
אויסגעשפּרייט ווייט ווי די נאַכט און ווייט אַזוי ווי דאָס ליכט
פאַרבן, קלאַנגען און ריח אין איבערבייט.

פאַראַן פרישע פּאַרפיומען פון קינדישע גופים,
ווי הויכוואַלד זיס און גרין ווי פּרעריעס
און אַנדערע קאָליע און רייך אין טריומפן,

באַזיצן ווײטקייטן פון אומענדלעכע זאַכן
פון בענזשענבלום און וואַרעך, פון בורשטין און פון מאָשוס,
זיי זינגען די התפּעלות'ן פון גייסט און פון די חושים.

„ליטעראַטור מוז קומען פאַר אַלעמען, פאַר מיין הונגער; פאַר מיין פאַרגעניגן, פאַר מיין מוטער". אַזוי רעדט אַ דינער צום ליכט, אַ באַזע־סענער וואָס איז אויסן, צו דערגיין און מגלה זיין דעם סוד און דעם יסוד פון אַלץ וואָס איז כדאי... באָדלער, וועלכער האָט זיין אייגענעם ראָמאַנטיזם און דערקלערט אים אויף זיין אופן, וואָס באַשטייט פאַר אים נישט אומבאַדינגט אין דעם אויסוואַל פון די טעמעס און נישט אין אומ־

באַדינגגטן אמת, נאָר אין דעם אופן פון פילן... אָט דאָ האָט באָדלער זיך טאַקע נישט געקענט אויסהיטן פאַרן צויבער פון ראָמאַנטיזם, לכל הפּחות פון אַ געוויסן אומקלאָרן עלעמענט, וואָס האָט אין אַ מאָמענט פון ליקוי חמה, אין די מוחות און אין די אומשטענדן זיך געקענט צעפלאַקערן אין פינצטערע פייערן פון וועלכע מיר זענען נישט איין מאָל געווען די באַטראָפענע עדות... אָט איז למשל אַזאַ מין וואָרט ווי „דער ראָמאַנטיזם באַשטייט נישט אין אמת און נישט אין דעם אויסוואַל פון די טעמעס, נאָר אין אַ קאָנצעפּציע אַנאַלאָגיש צו דער מאָראַל פון דעם יאָרהונדערט...״

דאָס איז אַ געפערלעכער פּרינציפּ און מיר ברענגען אים נאָר כדי אויפצווייזן דאָס פּראָבלעמאַטישע אין זיין פילאָזאָפישן אויסקוק, אויב דאָס איז נישט נוגע געווען קונסט און ליטעראַטור. מיר גייען מיט אים אויף דער גאַנצער ליניע ווען ער שטעלט אַנטקעגן ראַפאַעלן — רעמ־בראַנדט.

די ממשות פון דער מעטראָפּאָליס, די פירונגען און פאַרפירונגען, דער גרויסער ים פון לעבן און איבערלעבן, זיין אומגעהייערער כוח פון פּערצעפּציע, האָט אים אַלץ צוריקגעבראַכט צו דער אַקסיאָמע פאַרן קינסטלער: די סיטואַציע פונעם מענטש אין דער מעטראָפּאָליס אָדער סיי־ווו.

די גרויסשטאָט איז דער בעקן פון דער איבער־נאַטור, דער קוואַל פון וועלכן ער האָט געשעפּט דעם מאַטעריאַל פאַר זיינע „בלומען פון בייז״, וועלכע ער האָט נישט אידעאַליזירט, נאָר דורך זיין פּערפעקטער פאָרם מגלה געווען, אַ זאַך, וואָס ער האָט אויך געפאָדערט פונעם קינסט־לער, פונעם שאַפער בכלל.

פלאָבער האָט צום בעסטן כאַראַקטעריזירט באָדלערס ראָמאַנטיזם. „עס האָט זיך אייך איינגעגעבן צו זיין קלאַסיש און בלייבן אין דער זעלבער צייט דער העכסטער ראָמאַנטיקער וואָס מיר האָבן ליב״.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז באָדלער איז געווען אַ מוסר־זאָגער. דורך דעם דאָזיקן קרומען שפּיגל פון „די בלומען פון בייז״ האָט ער אפשר געוואָלט וואָרענען פאַר דעם מוראדיקן און דעם פאַרדאָרבענעם, וואָס איז פאַראַן אין דעם גרויסן גאָרטן פון די בלומען. אין דעם דער־

מאָנטן בריוו פון פלאָבערן רירט דער מחבר זיינער דווקא אָן דעם מאָמענט פון מוסר וואָס שטערט אים, הגם ער לויבט דאָס בוך „די קינסטלעכע גן־עדנס", ווו דער מאָמענט פון מוסר קומט אַזוי בולט צום אויסדרוק — אָבער ער קען זיך נישט אָפּהאַלטן פון צו זיין באַצויבערט פון דעם הויכן קינסטלערישן ווערט פונעם בוך.

„מיר טוען דאָס בייזע, ווייל עס ליגט אין דער נאַטור, דאָס גוטע מוז דערגרייכט ווערן דורך אַרבעט, דורך קונסט". דאָס איז עס וואָס מיינט דאָס ראַנגלען זיך פון ספּלין צו אידעאַל.

אומעטום איז חלל: אין לעבן, אין טאָן, אין חלום, אין צאָל. ובכן, אַנטלויפן ווּהין עס זאָל נישט זיין. „אַנטלויפן און געפינען דאָס נייע". דאָס איז אפשר געווען זיין כוונה. ער איז אַנטלאָפן אין די „קינסטלעכע גן־עדנס" און האָט זיך אַנגעשטויסן אָן די חללס און האָט, מיט זיין איינגעבוירענער נטיה צו מיסטיציזם, אומאָפּהענגיק פון זיין אינטעלעקטואַליזם, מיט זיין יצר־הרע זיך צו באַדינען מיט אַלץ, וואָס קען נוצן זיין קאָמפּליצירטער פּאָעטיק, דאָס וואָרט קאָרעספּאָנדאַנס אַליין, אינספּירירט רײן שפּראַכלעך יענע פּאָעמע, וואָס איז געוואָרן דער שולחן ערוך פון פראַנצויזישן סימבאָליזם. בדרך כלל ווייזט אונדז אויס, אַז די תורה גופא פון סווועדנבאָרגן האָט ער נאָר געשעפּט פון אויבן אויף. פּאָעטן מיט זייער פּערזענלעכער סענסיביליטעט, וואָס גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז עפּעס נעמט אונדז אַרום וואָס מיר קענען נישט אַדורכדרינגען, האָבן זיך מיט אימפּעט אַ וואָרף געטאָן אויף סווועדנבאָרגן, כדי צו דערגיין...

די ניכטערקייט פון דעם אויפקלערונג־פּעריאָד, וואָס האָט בייגע־טראָגן, זיך אַנטקעגנצושטעלן דער דאָזיקער באַוועגונג, האָט גורם געווען צו אַ ים פון עקסצענטרישע שפּעקולאַציעס. מען האָט זיך אַפילו אַראָפּ־געלאָזט ביז טיף אין אַלטערטום, מצרים און בבל. אין 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט בליען פאַרשידענע ליטעראַטורן, אַלכימיסטישע, אַסטראָלאָ־גישע א. א., אויך חלום־אויסטייטשונג, עלעקטרישע רעליגיעס, געפינען זייערע אָנהענגער. זשעראַר דע נערוואַל, וועמענס פּעטער האָט אויפגע־נומען ביי זיך די קאַגליאָסטראָס, די מעסמערס, א. א., האָט זיך שוין פרי באַקאַנט געמאַכט מיט די פּירות פון יענע פאָרשונגען פון אמת און

גאָט־זוכעריי. קאָלערידזש האָט בדעה געהאַט צו שרייבן אַ בוך וועגן סוועדנבאָרגן, אָבער דער פּלאַן איז נישט אויסגעפירט געוואָרן.

באַלזאַק איז געווען אַ שטיק סוועדנבאָרגיאַנער אויף זיין אייגענעם אופן מיט ווייניק הוצאות...

וועגן דעם יצר־הרע מצד די קריטיקער צוצושרייבן באָדלערן, אַז ער האָט געלערנט פון קלענערע פון אים, מיינט מאַנזעל דזשאָנס, אַז דאָס איז שוין געוואָרן אַ מין „אַמביציע פון אַנטפּלעקער צו מאַכן קאַר־יערע אויף אַ פּערווערזן אופן...״ ער האַלט אויך, אַז די פּאָעמע האָט גע־קענט אינספּירירט ווערן פון שאַטאָבריאַנס „זשעני פון קריסטנטום״, „דעם דאָזיקן קוועלן־בוך פון אַזוי פיל מאָדערנער ליטעראַטור״.

„...דער סוד פון דער נאַטור טראָגט אַזאַ געטלעכן כאַראַקטער, אַז די ערשטע מענטשן אין אַזיע האָבן גערעדט בלויז מיט סימבאָלן. צו וואָס פּאַר אַ וויסנשאַפט דערגייט מען אָן אַן אויפהער... צו יענער וואָס לאָזט שטענדיק אַ השערה פון אַן אומענדלעכער פּערספּעקטיוו״.*

* מאַנזעל דזשאָנס. The Background to Modern French Poetry.

# סיום

מיסטיקער און פּאָעטן, נישט זעלטןביידע פֿאַרקערפּערט אינאיינעם. די אינעווייניקסטע דרכים פֿון פּאָעט זענען דערגאַנגען צו אַ רעזולטאַט, הגם נישט תמיד צו דעם וועלכן מען דערוואַרט.

אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געפּרוווט לערנען פֿון אונדזערע אויסטיי־טשונגען, איז באַדלער געגאַנגען אַ שריט ווייטער. מען דאַרף דעם חלום דיריגירן, האָט ער געטראַכט, און די סימבאָליסטן האָבן דעם דאָזיקן פּרינציפּ אָנגענומען. דאָס וואָס דער פּאָעט נעמט פֿון דער זינלעכער וועלט, איז דער שטאָף מיט וועלכן ער שאַפֿט די סימבאָלישע וויזיע פֿון זיך אַליין אָדער פֿון זיין חלום.

ער איז געווען שטאַרק פֿאַרכאַפּט פֿון זיין לײדנשאַפֿט און קאַלט אַנט־שלאָסן צו געפֿינען די מיטלען זי אויסצודריקן. אין שאַפֿונג־פּראָצעס פֿון דער פּאָעמע דערפֿילט זיך די העלזעערישקייט. אָט דאָ ליגט די באַדייטונג פֿון די „בלומען פֿון בייז", וואָס באָדלער איז ממשיך אין זיינע קונסט־קריטיקן.

*

מיר זענען דערגאַנגען צום סוף פֿון אונדזערע אויספֿירונגען... די טעמע איז נישט אויסגעשעפּט. דאָס איז כמעט אוממעגלעך. אָבער נאָר אַזוי פֿיל דערלויבט אונדז די ראַם, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעצייכנט.

די „עסטעטישע קוריאָזיטעטן", די „בלומען פֿון בייז", די פּראָזע־פּאָעמעס, די „קינסטלעכע גן־עדנס" — שטעלן מיט זיך פֿאָר די גייסטיקע ירושה, וואָס באָדלער האָט איבערגעלאָזט ווי אַ מין צוואה פֿאַר דער אייראָפּעישער קונסט. דער שעפֿערישער דמיון איז דעם מענטשנס פֿעיקייט צו דערגיין צו יענער התפּעלות, וואָס איז דער ציל פֿון יעדער קונסט, אָדער בעסער געזאָגט, דער פּרוּווּשטיין פֿון איר גילטיקייט. באָדלער האָט נישט קיין טעאָריע, נאָר אַ „מאָראַל" פֿון דער קונסט, האָט עמעצער וועגן אים געזאָגט. די פּאָעזיע רירט אָן די מוזיק ווי דורך אַ מין פּראָזאָ־

דיע (צופּאַסונג פון ווערטער צו מוזיק), ווענס וואַרצלען דרינגען אַריין אין דער מענטשלעכער נשמה. געוויס איז דאָס נישט קיין קלאַסישע אויפפּאַסונג.

באַדלער האָט געהאַט דאָס גליק, אָדער דאָס אומגליק, אַריינצופאַלן אינעם האַרבסט פונעם ראָמאַנטיזם, לויט אַ וואָרט פון ראָבער קאַנטערס. פּאָליטיש האָט דאַן פראַנקרייך געלייגט די האָפענונג אויפן סאָציאַליזם. אויך דעמאָלט איז שוין געווען אַ פּראָבלעם פאַרן קינסטלער צי דאַרף ער זיך „אַנגאַזשירן". באַדלער, איינזאַם ווי ער איז געווען, איז מסתם אויך געשטאַנען פאַר אַזאַ נסיון. אָבער ביי דער נעילה פון ראָמאַנטיזם האָט זיך באַוויזן אַ פּרווו פון אַ באַנייונג אונטערן נאָמען נאַטוראַליזם, הגם עס זענען שוין געווען סימנים פון עפּעס, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט קיין נאָמען. גלייכצייטיק איז געווען אַ טענדענץ פונעם אַזוי־גערופענעם „ראָמאַן פון וויסנשאַפטלעכן מעטאָד", אונטער דער אָנפירונג פון עמיל זאָלאַ. זי האָט געדויערט אַ קורצע צייט „ווי אַן אויזורפּאַציע פון אמתער ליטעראַטור". זי איז באַלד פאַרלאָזן געוואָרן און איר באַגרינדער איז געבליבן אַליין. די תלמידים זיינען זענען אַוועקגעגאַנגען, אָדער זענען אַנטשוויגן געוואָרן.

אַן אַנדערע דאָקטרין האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען אַ געשטאַלט, די דאָקטרין פון געדאַנק און פון אינערלעכן איבערלעבן, וואָס האָט באַלד משפּיע געווען די קונסט. באַדלערס ירושה האָט געפירט צו דער דאָקטרין פון סימבאָליזם און האָט אָנגעהויבן זיך דורכצוזעצן. איר השפּעה איז געוואַקסן. מער ווי אַלע, האָט רעמבאָ זיך אויף אַזוי ווייט אידענטי־פיצירט מיט באַדלערס אידעען, אַז אַלץ וואָס באַדלער האָט פּראָקלאַמירט ווי אַן אידעע, האָט רעמבאָ מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין זיך גענומען דורכפירן אויפן אייגענעם לייב. „ענדערן די כללים פון די חושים" הויבט ער אָן „דאָ און איצט", כדי צו אַנטפּלעקן דאָס נייע. אין זיינע לידער איז אויך נישט שווער צו דערקענען באַדלערס איינפלוס. באַדלער איז, לויט זיין וואָרט, „דער ערשטער זעער, אַן אמתער גאָט".

נישט קוקנדיק דערויף וואָס רעמבאָ האָט געוואָלט אויספירן באַד־לערס תורה נישט נאָר בעל פּה, איז רעמבאָס אָריגינאַליטעט געווען אומ־

באַרירט און גאַנץ. ווייל זיין גלויבן איז געווען אומבאַרירט און גאַנץ. און אַזוי איז געווען זיין ווערק. זיין יונגע קראַפט האָט די דאָזיקע אייג־הייט נישט פאַרמינערט.

באָדלער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ סומע פון טענדענצן אין דער מאָדערניטעט. יעדער פון די יונגע האָט זיך געקענט אויסגעפונען אין זיי. דאָס וואָס ער האָט געגעבן דאָס זענען געווען בלויז פונקען מיט אַלע פּאָטענצן צו אַ גרויס פייער... באָדלער האָט געגלויבט אין דער אומ־שטערבלעכקייט פון פּאָעזיע, וועלכע ער האָט באַנייט מיט אַן אויסטער־לישן מיסטיציזם. ער וויגט „זיין אין־סוף אינעם סוף פון די ימען", הייסט ביי אים ערגעץ־ווו אַ שורה.

„די לײַדנשאַפט איז די שיכרות פון האַרץ", זאָגט באָדלער, זי איז אַ נאַטירלעכע זאַך, אַפילו צו נאַטירלעך, כדי נישט אַריינצופירן אין אַ מצב וואָס פאַרוווּנדעט... אַ דיסאָנאַנס אויפן שטח פון ריינער שיינקייט, צו באַקאַנט און צו געוואַלטזאַם כדי נישט צו סקאַנדאַליזירן די ריינע פאַרלאַנגען, די גראַציעזע מעלאַנכאָליעס, און די נאָבעלע פאַרצווייפלונגען וואָס וווינען אין די איבערנאַטירלעכע געגנטן פון דער פּאָעזיע. דאָס האַרץ באַלאַנגט צום ערדישן לעבן. זיינע עמאָציעס קומען אַזוי ווי דאָס געפיל פון דער נאַטור, נישט ריין, מגושמדיק, „דאָס האַרץ וועט קיינמאָל נישט זיין קיין פירער אין עסטעטישע ענינים".

„בעת דער תוהו־ובוהו־עפּאָכע פון ראָמאַנטיזם, זאָגט באָדלער אין זיין אַרבעט איבער גאָטיע, האָט מען זיך אָפט באַנוצט מיט דער פאָרמול „די פּאָעזיע פונעם האַרץ". דאָס האַרץ האָט פאַרמאָגט די לײַדנשאַפט, די איבערגעגעבנקייט, דאָס פאַרברעכן. בלויז דער דמיון אַליין פאַרמאָגט פּאָעזיע..."

אין דער אינטים־עראָטישער קוואַליטעט פון זיינע פאָרגייערס האָט באָדלער אַריינגעפירט אַ סובסטאַנץ פון מעטאַפיזישן. באָדלער מאַכט אַ גרויסן אונטערשיד צווישן האַרץ און נשמה. לײַדנשאַפט איז דראַמאַטיש אין איר אַקציע, פּאָעזיע איז מעדיטאַציע. אָבער דאָס דראַמאַטישע וואָס שפּילט זיך אָפּ אינעווייניק, ד. ה. אין אונטערבאַוווּסטזיין, דאָס איז „רזי דרזין" (אַ סוד) פאַר אונדז אַליין. דאָס איז די נשמה.

די ווידמונג פון די „בלומען פון בייז" מיט דער איבערגעטריבענער צושריפט, באַווייזט, אַז באָדלער איז געווען צוגעבונדן צו גאָטיע, צוליב מערערע טעמים. קודם־כל צוליב גאָטיעס שוואַכקייט צו פרויען און חוץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ גוטער פּאָעט, האָט ער אויך ווי אַ קריטיקער געהאַט זיינע גרויסע פאַרדינסטן.

דער ציל וואָס גאָטיע האָט זיך געשטעלט איז געווען צו געשטאַלטיקן נישט די פוריע פון ליבע, נאָר די שיינקייט פון די זאַכן, וואָס זענען ווערט צו זיין געליבט. מיט איין וואָרט — דעם ענטוזיאַזם וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך דער שיינקייט. דאָס הייסט נישט די אָביעקטן וואָס זענען ווערט געליבט צו ווערן, נאָר די אידעאַלע שיינקייט פון די דאָזיקע אָביעקטן.

„...און אָט די דאָזיקע אייניקייט דאַרף דער פּאָעט, אויב נישט דאָמינירן, דאַרף ער, לכל הפחות, זיך פאַנאַנדערקלייבן אין איר. דעריבער גייט דער דיכטער נישט נאָך דעם פאַרביילויפנדיקן טראַנס פון אינספּיראַציע. דעם דאָזיקן קאַפּריציעזן צופאַל מוז דער פּאָעט קאָנטראָלירן, געבן אים אַ ריכטונג, לויט דער געטלעכקייט פון גייסט". ווי באָדלער זאָגט עס אין זיין פּאָעמע „דערהויבונג":

זיי געלויבט, מיין גאָט וואָס דו גיסט אונדז לייד
ווי אַ געטלעך מיטל אַנטקעגן אונדזערע זינד
ווי די ריינסטע עסענץ פאַר די שטאַרקע גרייט.
פאַר דער ליידנשאַפט וואָס הייליק מיט דיין רצון זיך בינדט.

אַזוי רעדט אַ בעל־תשובה, אַ פרומער און נישט געקוקט אויף אַלע סתירות אין וועלכע ער איז געזעסן און האָט זיי איבערגעלעבט, — האָבן מיר נישט קיין סיבה צו צווייפלען אין זיין ערנסט. „די שטאַרקע דאַרפן די ליידן און די ליידנשאַפט און דעם הייליקן רצון". און כדי זיך אָפּצוטיילן פון אַלץ און אַלעמען, פאַרשליסט באָדלער די טיר און דרייט איבער דעם שליסל צוויי מאָל... כדי צו דערגיין צו דער אינעווייניקסטער וויסנשאַפט, וואָס קען מגלה זיין דעם סוד... און פאַרטייטשנדיק וואַגנערן:

די נשמה און אירע מעגלעכקייטן, די מדרגה פון איר ווידערשטאַנד, די פעיקייט פון איר ענטוזיאַזם, אָבער אויך דער גוף, די גאַנצע סקאַלע פון דערפילן, פון געניסן, פון ווידערווילן, און דערצו קומט נאָך צו דער גייסט! זיינע אייגנשאַפטן פון דמיון, זיין זין פון פאַרשטיין, זיין שפּאַנונג, זיינע מעלות פון לאָגיק און שכל, אָט איז דער שטאָף אויף וועלכן דער פּאָעט דאַרף אַרבעטן. באָדלער האַלט, אַז דער פּאָעט דאַרף זיך פאַר־טאָפּלען, און אַז דער קולט פון שיינקייט זאָל ווערן די וויסנשאַפט פון שיינקייט.

* * *

באָדלערס חלום, צו זען זיין ווערק אַרויסגעגעבן אין איין אויסגאַבע איז ערשט מקוים געוואָרן נאָך זיין טויט. אַסעלינאָ און דע בענוויל האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט פאַרגעסן ווערן און האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט.

צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן באָדלערס פּאָ־איבערזעצונגען, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיכאל לוי זאָל זיין דער אַרויסגעבער. אין משך פון 50 יאָר האָט דער פאַרלאַג געהאַט די אויס־שליסלעכע רעכט אַרויסצוגעבן באָדלערס ווערק. ביז עס איז אויסגעגאַנגען דאָס קאָפּירייט. און זינט 1917 האָבן אָנגעהויבן דערשיינען נייע אויס־גאַבעס און אָפּהאַנדלונגען איבער אונדזער פּאָעט און דער שטראָם האָט נאָך לאַנג נישט אויפגעהערט. ער איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלע אייראָפּעישע און אַ טייל אַזיאַטישע שפּראַכן און זיינע גרעסטע באַוווּנ־דערער טענהן, אַז ער האָט רעוואָלוציאָניזירט דעם אופן פון דענקען, פון שרייבן און פילן, אַזוי אַז זיין עסטעטישע קריטיק שטעלט מיט זיך פאָר אַ דאַטע פון אומגעהייערער וויכטיקייט, נישט נאָר פאַר דער געשיכטע פון פּאָעזיע, נאָר אין דער געשיכטע פון דער קונסט אין אַלגעמיין (נאָך דער פילאָזאָפיע פון דער דייטשער עסטעטיק, איז דאָס נישט קיין קליינער נצחון).

מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַז באָדלער האָט געשאַפן, זיך אָפּ־געבנדיק אַ רעכענונג פון זיין שליחות. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן כמעט אין יעדער פון זיינע פּאָעמעס און דאָס פילט מען אַרויס אויך

איצט, דריי דורות שפּעטער. באָדלער האָט נישט מורא געהאַט אַרויסצו־
זאָגן מיינונגען, וואָס זענען נישט געווען אין הסכם מיט די אָנגענומענע
סטאַנדאַרטן. אויב ער האָט אָנגעגריפן די גרויסע, האָט ער עס געטאָן
מיט אַן אויטאָריטעטן שווונג, וואָס נאָר אַ טיפע איבערצייגונג קען געבן.
ער האָט נישט באַלאַנגט צו קיין שום שול און צו קיין שום אמונה. און
מיט דעם, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין פּאַסיק, האָט ער זיך
באַנוצט, כדי דורכצופירן זיינע אידעען. ער האָט געקעמפט אַנטקעגן
פאַלשע אמתן און האָט אָנערקענט נאָר יענע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן
ווי גילטיקע אומאָפּהענגיק פון מאָדע אָדער השפּעה. לאַנג נאָך באָדלערס
טויט האָבן קריטיקער צוגעגעבן, אַז די וואָס ער האָט אָנערקענט, נישט
קוקנדיק אויפן געשמאַק פון דער צייט, דווקא זיי האָבן אַרויסגעוויזן
יענע גילטיקייט וואָס איז דער פּרוּוושטיין פאַר יעדער קונסט. ווען דע־
לאַקרואַ איז נאָך געווען אומפּאָפּולער, האָט באָדלער זיך איינגעשטעלט
פאַר אים מיט אַלץ וואָס ער איז ווערט געווען. מאַנע ווערט אָנערקענט
דורך אים, בעת ער ווערט נאָך אויסגעלאַכט אין פּאַריז. און ווען וואַגנערס
„טאַנהויזער" ווערט אויסגעפייפט אין פּאַריזער טעאַטער, שרייבט באָדלער
אַ פּלאַמיקע אָפּשאַצונג וועגן וואַגנערן. ער איז געווען דער ערשטער,
וועלכער האָט אים אָנערקענט אין פראַנקרייך. באָדלער האָט נישט נאָר
געהאַט אַ זיכערן אינסטינקט פאַר פּערמאַנענטע ווערטן, ער האָט זיי אויך
אויף דעם אופן געשאַפן. מיט זיין נייגונג צו זוכן און אָנערקענען דאָס
נייע האָט ער זיך נישט געשראָקן און האָט ווי שמשון, מיט אַ הויב פון
די אַקסלען, דערשיטערט די קלאַסישע טעמפּלען. „עסטעטישע קוריאָ־
זיטעטן" באַשטעטיקן עס, דאָסגלייכן אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעטאָן.

באָדלער האָט אויך געזען די שוואַכקייטן פון אַנדערע און האָט גע־
פילט אַ טיפן ביטול פאַר זיי. אין פינצטערע מינוטן, ווען ער האָט מורא
געהאַט אַז ער וועט נישט אויפטאָן וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען, פלעגט
ער תפילה טאָן: „אָ, גיב מיר דעם חסד, גרויסער גאָט, אָנצושרייבן עטלע־
כע שיינע לידער, וואָס זאָל מיר באַווייזן, אַז איך בין נישט דער לעצטער
פון די מענטשן, און אַז איך בין נישט ווייניקער פון יענע, וואָס איך
פאַראַכט אַזוי טיף".

באָדלער איז געווען אַ מענטש פון אַן אומגעהייערער שעמעוודיקייט. זיין דענדיזם האָט געמיינט פאַר אים, ראשית־כל, דערשייגען פאַר זיך אַליין קאָרעקט און מיט גרויס חשיבות. דעריבער קען מען זיך פאָר־שטעלן וואָס ער האָט געפילט צוליב זיין ביטערער קראַנקהייט. „באַליי־דיקט נישט קיינעמס פילבאַרקייט. די פילבאַרקייט פון מענטשן — דאָס איז זיין זשעני". ער האָט זיך שווער אַריינגעפּאַסט אין דער סכעמע פון וועלכער נישט איז געזעלשאַפט. און איז געווען אַן איינזאַמער זיין גאַנץ לעבן לאַנג. אַ סך קלענערע פון אים האָבן אים קריטיקירט און פאַראַכט. זיי האָבן נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס ער קען נישט פאַרדינען אויף צו לעבן. מיר ווייסן, אַז באָדלער איז נישט נאָר געווען דער גרעסטער פּאָעט פון זיין צייט, ער איז פאַר אַלעמען געווען אַ מאָראַליסט, דאָס ווייזט אונדז זיין באַוווּנדערונג פאַר פּאַסקאַלן און זיין ענלעכקייט צו אים. זיין ווידוי אין יונגע יאָרן פאַרן גלח האָט ער ממשיך געווען פאַר זיך אַליין זיין גאַנץ לעבן לאַנג. ער איז געווען אַן רחמנות לגבי זיך גופא, ווי ער שרייבט אין זיין ראָמאַן פאַנפאַרלאָ: „מיר האָבן זיך אויף אַזוי ווייט צוגעזאָגט אויסצופאָרשן דאָס מענטשלעכע האַרץ, מיר האָבן אויף אַזוי ווייט אויסגענוצט דעם מיקראָסקאָפּ צו שטודירן, צו סאָפיסטיקירן איבער די פאַרשעמענדיקע וואָרצלען וואָס וואַקסן אין אים, און מיר האָדעווען זיי נאָך מיט פאַרגעניגן... אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך מיר זאָלן רעדן די שפּראַך פון אַנדערע מענטשן..."

באָדלער האָט געגלויבט אין דער קאַטוילישער דאָקטרין, וואָס האַלט, אַז חרטה קען אָפּוואַשן דעם עפעקט פון דער זינד. נישט די מאַכט פון חרטה גיט צו חשיבות דעם מענטש, נאָר די פעיקייט פון ליידן. דאָס געפיל פון אייגענער דערנידעריקונג. און ער האָט געהאַלטן אַז ליידן באַפרוכפּערט, „די באַפרוכפּערנדיקע פיין". אין ליידן, האָט באָדלער געטראַכט, איז דער איינציקער עיקר אין לעבן. און נאָך אומענדלעכע יאָרן דאַרף דער מענטש נאָך אַלץ זיך שעמען און ליידן צוליב זיינע זינד. דאָס איז אין זיינע אויגן געווען דער גרויסער באַוויז פאַר נאָבלקייט. ער האָט געמאָלט דעם אינערלעכן קאָנפליקט צווישן אינסטינקט און אי־דעאַליזם, דער דאָזיקער קאָנפליקט וואָס עקזיסטירט פון ששת ימי בראשית,

אָבער די פאַרצווייפלונג און דער צווייפל פון די מאָדערנע צייטן האָבן נישט ווייניק בייגעטראָגן צו זיינע אייגנשאַפטן פון טראַגיק און יאוש.

„פאַר אַלעמען זיין אַ גרויסער מענטש און אַ הייליקער פאַר זיך אַליין" — שרייבט באָדלער אין „מיין האַרץ בלויז-געלייגט" און דאָ דריקט זיך אויס דאָס באַפּרוכפּערנדיקע פון ליידן.

אין זוכן און אַנטפּלעקן דאָס נייע איז באָדלער געווען אויטענטיש און אויטאָריטאַריש. דאָס האָט נישט זעלטן געפירט צו וויכוחים מיט דירעקטאָרן פון זשורנאַלן. ווען ער האָט אַנטדעקט די קלענסטע ענדערונג, האָט ער רעאַגירט אויף זיין לאַפּידאַרן אופן: „איך האָב אייך געזאָגט, נעמט אַרויס אַ גאַנץ שטיק, אויב אייך געפעלט נישט אַ קאָמאַ אין דעם שטיק, אָבער נעמט נישט אַרויס דעם קאָמאַ, ער האָט זיין עקזיסטענץ-באַרעכטיקונג... איך האָב פאַרבראַכט אַ גאַנץ לעבן צו לערנען קאָנסטרו-אירן זאַצן און איך זאָג נישט מורא האָבנדיק, אַז מ'וועט מיך אויסלאַכן, אַז דאָס וואָס איך גיב צום דרוק איז פולשטענדיק פאַרענדיקט".

באָדלער שטעלט פעסט די ווערטן פון לכל הפחות צוויי קונסטן, דהיינו פּאָעזיע און מאָלעריי. — וועגן מוזיק האָט ער גערעדט ווי אַ באַ-שיידענער געניסער. באָדלער איז אין זיין צייט נישט געוואָרן איינגאַנצן ערנסט גענומען. די גרעסטע גייסטער פון אונדזער צייט האַלטן אים פאַר איינעם פון די גרעסטע דיכטער פון אַלע צייטן. לכל הפחות פון די צוויי אָדער דריי גרעסטע פּאָעטן פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט.

באָדלער האָט נישט געוויינט אויף זיין גורל. ער איז געשטאַנען קאָלט ווי אַ שופט, איבער די קוואַליטעטן פון זיין מהות. ער האָט גאָר-נישט פאַרבאַהאַלטן פאַר זיך און גאָרנישט פאַר אַנדערע. ער האָט אַנט-פּלעקט און אָפּגעדעקט אַלץ וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ חסרון, כדי צו פּרווון אים צו פאַרריכטן. קיינער וואָלט אים נישט געקענט שטרענגער משפּטן ווי ער האָט עס אַליין געטאָן. דעריבער איז קיינער נישט געווען אַזוי אומפאַרשטאַנען ווי שאַרל באָדלער. ער איז געווען אַ מענטש מיט גרויסע שוואַכקייטן און אַן אומגעהייערן כוח. ער האָט ביי אַלע שווערי-קייטן, אַרויסגערופן דורך זיין פאַרוויקלטער נאַטור, צוניִשט געמאַכט אַלע פּאָזיטיווע באַדינגונגען, וועלכע דאָס לעבן האָט אים געגעבן. דערי-

בער איז ער דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום, צו טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע ווייטאָגן אַפילו ביז צו ליידן הונגער. און דאָך האָט ער גובר געווען די שוואַכקייטן און אָנשיקענישן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף זיין וועג; און פאַר אונדז שטייט באָדלער, דער אייביק אומצופרידענער מיט זיך, וואָס שרייבט צו זיין מוטער: „וואָס טיפער איך זינק אין אָרעמקייט און דלות, אַלץ שטאָלצער בין איך...״

אַזוי האָט געלעבט און געחלומט דער גרעסטער פּאָעט און דער גרעסטער קריטיקער פון נייַנצנטן יאָרהונדערט.

ער האָט אַליין צעשטערט יעדן ניצוץ פון אַ מעגלעכקייט, וואָס וואָלט געקענט פאַרלייכטערן זיין לעבן און דאָס אומדערטרעגלעכע פון זיין סי־טואַציע, וואָס ער האָט פון דעסטוועגן נישט געזוכט צו פאַרבעסערן, כדי אויף אַזאַ אופן זיכערער צו דערלאַנגען צו די וואָרצלען פון אונטערבאַ־ווסטזיין, כדי צו דערלאַנגען צו דער דאָזיקער קווינטעסענץ, ווייל עס איז אים נמאס געווען די גאַנצע טראַגישע פאַטאַליטעט פונעם מענטשלעכן גורל. הגם יעדעס ליידן איז פאַר באָדלערן געווען געזאַנג, האָט עס אים נישט געבראַכט די טרייסט צו וועלכער ער וואָלט זיכער ראוי געווען.

ער האָט געהאַט די וויזיע פון זיין אייגענעם טויט. גרויס איז דער טרויער פונעם לייענער, „זיין ברודער״, קענענדיק די דיסהאַרמאָניע, וואָס האָט באַהערשט דאָס לעבן פונעם דאָזיקן שאַפער, אַזוי געבענטשט און אַזוי פאַרשאָלטן.

# אינהאַלט:

ז' 13 : „עסענצן" — אַנשטאָט „וועזנטלעכע זאַכן".
ז' 33 : על פּי טעות איז געדרוקט געוואָרן אַ פרעמדער טעקסט פון דער פּאָעמע „דער חלל" און דער מחבר טראָגט נישט קיין פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם דאָזיקן טעקסט. זע די בייגעלייגטע איבערזעצונג פון מחבר.
ז' 38 : „גיוס" — אַנשטאָט „גייס".
ז' 43 : „סאַנאַרן" אַנשטאָט „וווּנדערלעכן".
ז' 44 : „לוק דעקאַן" אַנשטאָט „ליק".
ז' 66 : „געגוירן דעם ווייַן" אַנשטאָט „געבוירן דעם ווייַן".
ז' 82 : „וואַן גאָך" אַנשטאָט „וואַן גאָג".
ז' 104 : „גיוס" אַנשטאָט „גייס".
ז' 14 : „דאָ רייסט זיך אַריין..." דאַרף מען אויסמעקן די געגדזנפּיסלעך, ווייל דאָס איז אַ באַמערקונג פון מחבר און ניט פון באַדלער.

## דער חלל

פּאַסקאַל, וואָס זיין חלל האָט מיט אים זיך באַוועגט
אַלץ איז חלל, אוי ווי, טעטיקייט, חלום, באַגער
און דאָס וואָרט, ווי אָפט איך דערהער
שטעלן די האָר זיך קאַפּויער
און ווינט פון פּחד זויזט אין מיין אויער.

אויבן און אונטן, אומעטום מרחקים און שטחים,
שתיקה, די פאַרכאַפּנדיקע שטילקייט אין רוים...
ממעמקים פון מיינע נעכט ציט גאָט אַ קאָשמאַר אין מיין טרוים
מיט זיין פינגער געניט אָן סימנים און פאַרבנפול.

איך האָב מורא פאַרן שלאָף ווי פאַר אַ גרויסן לאָך
אָנגעפולט מיט אומבאַשטימטן שרעק וואָס פירט אינערגעץ ניט,
און מיין גייסט פון שווינדל פאַרפאָלגט, איז מקנא דעם חלל
וואָס פילט ניט...

אוי, איך וועל קיינמאָל ניט פריי זיין פון באַשעפענישן
און צאָלן

1. Les Fleurs du Mal, Edition Critique stablie par Jacques Crepet et Georges Blin

2. Baudelaire by Enid Starkie (English)

3. De Baudelaire au Surrealisme, Marcel Raymond

4. Charles Baudelaire par Luc Decanes

5. Baudelaire, Oeuvres Completes par J. G. leDanteo

6. The Symbolist Aesthetic in France, A. G. Lehman (English)

7. Baudelaire, Jean Paul Sartre